Rok I. Kraków, 18 lutego 1909 — קראקא, כ"ז שבט תרס"ט. Nr 6




Żydowska gazeta illustrowana.

Wychodzi każdego czwartku.

Prenumerata wynosi: Rocznie 10 K. = 5 Rbs. Półrocznie 5 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1.50 Rbs.

Pojedynczy egzemplarz 20 h. = 10 Kop.

Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.

Jüdische Illustrierte Zeitung.

ערשיינט יעדען דאנערסטאג.

אבאנאמענטס־פרייז: יעהרליך: 10 קראָנען, 5 רובל. האלביעהריג 5 קראָנען 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראָנען, — 1.50 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער 10 קאפ.

אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראַנק, האלביעהריג 7.50 פיערטעליעהריג 4 פראַנק.

רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראָדזקאַסטע 62. טעלעפאָן נר' 412

פּאָסטשפּארקאסען־קאנטא נר' 57,341.

הויפּטפּערטרעטונג פאַר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, מיאדאווא נר' 12 פיליע אין לאדז: פרזעיאזד נר' 16.

# דער פרויען־מערדער פון בערלין.



דער פרויען-מערדער פון בערלין: סצענען פון די איבערפעלע.

**אינהאלט:** דער פרויען־מערדער פון בערלין — דאס נייע מיניסטעריום אין עסטערייך — דער ענגלישע קעניג אין בערלין — צוויי זעלבסט־מארדע — שיפסצוזאמענשטאס — די צוויי יונגסטע קעניגע — וענעל שיפע אויף'ן אייז — פערשיט מיט שניי — שרעקליכע איבער־ראשונגען — דער ערשטע מאדערנע אנטיסעמיט — סודות פון דער רעוואָלוציע — איבערקעהרעניש אין דער טירקיי — גוסטאוו טוף — רעטהוועלהאַמער מיט או. ו. וו.

# דאס נייע מיניסטעריום אין עסטערייך.



ארבייטס־מיניסטער
דר. ריטט.



יוסטיצמיניסטער
דר. האכענבורגער.



אקערבוימיניסטער
דר. בראף.



קולטוסמיניסטער
גראף שטירגקה.



אייזענבאהנמיניסטער
סעקציאנסשעף ורבא.

מיר האבען שוין אין א נומער, מולדינגער שעה א נייע מיניסטעריום, בעשטעהענד פון פאלגענדע מענער:

באראן בינערטה: מיניסטערפרעזידענט.
באראן הערדטל: מיניסטער דעס אינערן.
דר. פון בילינסקי: פינאנצמיניסטער.
דר. פון האכענבורגער: יוסטיצמיניסטער.
גראף שטירגקה: קולטוסמיניסטער.
פראפעסאר בראף: אקערבוימיניסטער.
דר. פון ריטט: ארבייטסמיניסטער.
סעקציאנסשעף ורבא: אייזענבאהן־מיניסטער.
דר. ווייסקירכנער: האנדעלסמיניסטער.
גענעראל נעא־ני: לאנדעספערטהיידיגונגמיניסטער.
דר. פון שריינער: דייטשער לאנדסמאן־מיניסטער.
דר. זאטשעק: טשעכישער לאנדסמאן־מיניסטער.
דאוויד אבראהאמאוויטש: פויל. לאנד.־מיניסטער.

לויט נאציאנאליטעטען זענען די מיניסטער בי־נערטה, הערדטל, שטירגקה, האכענבורנער, ווייסקירכנער, ריטט, וורבא, נעארני, שריינער דייטשע, בילינסקי און אבראהאמאוויטש פוילען; בראף און זאטשעק טשעכען. די דייטשע פארטייען, וועלכע האבען כסדר פערלאנגט, עס זאל געבילדעט ווערען א שטאביל בעאמטען־מיניס־טעריום, זענען איבערדעם מיט דעם נייעם גאבינעט אם בעסטען צופריעדען, שטארק נישט־צופריעדען זענען די טשעכען, זיי האבען צוואר צווייי מיניסטער אים גאבינעט אבער ביידע געהערען צו דער אלטשעכישער פארטיי, וועלכע האט מיט 20 יאהר צוריק צוואר געהאט דעם גרעסטען איינפלוס אין בעהמען, היינט אבער איז זי אים גאנצען געפאלען און קיינער קימערט זיך נישט וועגען איהר, די טשעכען בעטראכטען די ערנענונג פון פראפע־סאר בראף, וועלכער איז בעקאנט אלס דער גרעסטער געגנער פון די יונגטשעכען און פון די ראדיקאלען, אלס פראוואקאציע, אלס דירעקטע אויפרייצונג און זיי ער־קלערען שוין אצינד, אויפצוטרעטען מיט דער שטארק־סטער אפאזיציע געגען די נייע רעגיערונג.

מיט זיי וועט אויך דער סלאווענישע קלוב מאכען אפאזיציע, ווייל די צוויי נייע דייטשע מיניסטער: שטירגקה און האכענבורגער וואס שטאמען פון שטייער־מארק, זענען בעקאנט אלס שטארקע געגנער פון די סלאווענען.



מיניסטערפרעזידענט באראן ביענערטה.

די שארפסטע אפאזיציע האבען שוין אנגעקינדיגט די סאציאלדעמאקראטען, וועלכע בעטראכטען די רעגיע־רונג אלס שטארק קלעריקאל. די מיניסטער באראן בי־נערטה, הערדטל און ריטט זענען בעקאנט אלס פאלי־טישע פריינד פון דער קלעריקאלען אנטיסעמיטישען פארטיי, דר. ווייסקירכנער דאגעגען איז דירעקט דער פערטרויענסמאן פון דער אנטיסעמיטישען פארטיי אים מיניסטעריום, אויך דער נייער יוסטיצמיניסטער דר. האכענבורגער איז פריהער, ווען ער האט אנגעהערט צום רייכסראטה, געוועזען מיטגליעד פון דער דייטשנאציאנאלען פארטיי, וואס דער אנטיסעמיטיזמוס איז א וויכטיגער פונקט פון איהר פראגראם. מען קען אלזא זאגען, אז דאס מיניסטעריום איז שטארק אנטיסעמיטיש־קלעריקאל, און געראדע די יודען האבען די גרעסטע אורזאכע צו זיין שטארק נישט־צופריעדען מיט דער נייען רעגיערונג, איבערהויפט וואס דאס וויכטיגסטע האנדעלס־דעפארט, אין וועלכען די יודען זענען אם מייסטען אינטערעסירט, איז איבערגענעבען געווארען א אויסגעשפראכענעם אנטי־סעמיט...

דאס מערקווירדיגסטע אין דער גאנצער איצטיגער פאליטישער סיטואציע איז אבער, וואס די פוילען זענען שטארק נישט־צופריעדען. די פוילען זענען תמיד געוועזען די שטארקסטע שטיצע פון יעדער רעגיערונג, אצינד אבער פערדריעסט זיי קודם־כל, וואס דר. פון בילינסקי, א מיטגליעד פון פוילען־קלוב, האט אנגענומען דאס מי־ניסטעריום, און נאר נישט געפרעגט דעם פוילען־קלוב א דעה, אויב ער איז איינשטימיג דאמיט. דר. בילינסקי האט זיך אבער פערענפערט, אז מען האט איהם דאס אנגעטראגען אין דער לעצטער מינוט און די סיטואציע איז געוועזען א זאלכע, אז ער האט געמוזט תיכף זאגען „יא" ארער „ניין" און עס איז נישט מעגליך געוועזען איינ־צופערופען א זיצונג פונ'ם קלוב אום צו פרעגען ביי איהם א דעה. דער קלוב האט דעם תירוץ אנגענומען און בילינסקי'ן מוחל געוועזען.

דער גאנצער כעס ריכטעט זיך אבער געגען דעם מיניסטער אבראהאמאוויטש. ער איז אויך ביז איצט געוועזען מיניסטער און האט עס נישט געפונען פאר נויטהיג, דעם פוילען־קלוב צו אינפארמירען איבער די פלענער און די אונטערהאנדלונגען פון דער רעגיערונג. דאס פרעזידיום



פינאנצמיניסטער
דר. בילינסקי.



דייטשער מיניסטער
דר. שריינער.



האנדעלסמיניסטער
דר. ווייסקירכנער.



פוילישער מיניסטער
דאוויד אבראהאמאוויטש.



טשעכישער מיניסטער
דר. זאטשעק.



רער ענגלישע קעניג אין בערלין: די ביידע הערשער ווערען ביים בראנדענבורג טהויער בעגריסט דורך דעם אבערבירגערמייסטער קירשנער.

פון איהר זאל ווערען פרעזידענט, איז ער געוועהלט גע־ווארען צום פרעזידענט פון רייכסראטה. די אנטיסעמיטישע פארטיי האלט איהם פאר בעזונדערס טיכטיג. אים רייכס־ראטה אבער איז ער נישט געווען בעזונדערס בעליעבט. אלס מיניסטער וועט ער אפשר האבען דעמזעלבען סוף ווי זיין חבר דר. נעסמאן, וועלכער איז צוואר א טיכטיגער „וואהלמאכער“. אבער אלס מיניסטער האט ער זיך גע־וויזען קאמפלעט אונפעהיג.

דער אייזענבאהנמיניסטער ווורבא איז פריהער גע־ווען סעקציאנס־שעף אין דיעזעם מיניסטעריום און אים קאבינעט גויטש איז ער געווען לייטער פון דיעזען מיניסטעריום.

גאנץ נייע מענער, אים רייכסראטה פעלינ אונבעקאנט, זיינען די נייע מיניסטער פראפעסאר בראף און דר. ריטט.

אים אלגעמיינען בעשטעהט דאס נייע מיניסטעריום פון לויטער טיכטיגע, ערנסטע מענער און ביי נעהערנעלטע פערהעלטניסע וואלט עס זיך אפשר געקענט א לענגערע צייט האלטען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער די פאטאגראפיעס פון די נייע מיניסטער, פונ'ם מיניסטער־פרעזידענט, ווי אויך פון די דריי לאנדסמאן־מיניסטער, וועלכע וועלען אפשר שאקי באלד מוזען רעמיסיאנירען.

און די פארלאמענטארישע קאמיסיע פונ'ם קלוב האט איהם פארדעם אויסגעדריקט דאס מיסטרויען און פארדערט, ער זאל צוריקטרעטען, ענפערט אבער מיניסטער אבראהאמאוויטש, או איבער זיין שטעלונג האט נישט צו ענטשיידען דער פוילען־קלוב פון וויענער רייכסראטה, נאר אויך דער פוילען־קלוב פון לעמבערגער לאנדטאג. אבראהאמאוויטש'ס כונה איז קלאר: אים רייכסראטה זיצען צומייסט דעמאקראטען און פאלקספארטייער, וועלכער האבען אויך פריהער צו איהם, אלס קאנסערוואטיווען, קיין גרויס פערטרויען נישט געהאט. אים לאנדטאג דא־געגען איז די מאיאריטעט קאנסערוואטיוו און דארט האט יעדער אבראהאמאוויטש א שטארקע שטיצע.

ווי אזוי דער קאנפליקט וועט זיך ענדיגען, לאזט זיך לעת־עתה נישט וויסען. פארלייפיג האט דער פוילען־קלוב ערקלערט, אז ער בעטראכט דעם מיניסטער אבראהאמאוויטש נישט אלס זיין פערטרעטער אים מיניסטעריום און וויל מיט איהם נישט מעהר פערקעהרען.

די פאליטישע לאגע איז איבערדעם פאר דער רע־גיערונג נישט גינסטיג, און עס איז בעגרייפליך, אז מען שמועסט שוין גאנץ אפען פון א באלדיגער אויפלעזונג פון רייכסראטה. מיר וועלען אפשר אים מאי־יוני האבען נייע וואהלען.

* * *

פון די נייערנאנטע מיניסטער איז שוין דר. ביר־לינסקי געווען א מאל פינאנצמיניסטער אין דעם מיניס־טעריום פונ'ם גראף באדעני. פריהער איז ער געווען פרעזידענט פון די עסטרייכישע שטאאטס־באהנען.

(איידער מען האט ערריכטעט דאס אייזענבאהן־מיניסטעריום) ביז איצט איז ער געווען גובערנאטאר פון דער עסטער־רייכיש־אונגארישער באנק. דר. בילינסקי איז מיטגליעד פון רייכסראטה, געוועהלט פון דעם שטאדטוואהלבעצירק רזעשאוו.

דער נייע אונטעררייכטס־מיניסטער גראף שטירנקה איז יאהרעלאנג געווען אבגעארדנעטער אים רייכסראטה און מיטגליעד פון דעם פערפאסונגסטרייען גראסגרונדבעזיץ. ער איז געמעסיגט ליבעראל. ביי דער איינפיהרונג פון דער נייער וואהלרעפארם האט ער שטארק נעקעמפפט דאגעגען. ביי די נייע וואהלען איז ער נישט מעהר גע־וועהלט געווארען און דער קייזער האט איהם ערנאנט צום מיטגליעד פון הערענהויז. אים אונטעררייכטס־מיניס־טעריום איז ער מיט יאהרען צוריק געווען א צייט לאנג האפראטה.

דער נייער יוסטיצמיניסטער דר. פון האכענבורגער איז ארוואקאט אין גראץ. עטליכע יאהר איז ער געווען רייכסראטה־אבגעארדנעטער און פארשטאנדס־מיטגליעד פון דער דייטשנאציאנאלער פארטיי. אים קאמפף, וועלכען די דייטשען האבען דעמאלט געפיהרט געגען גראף באדעני, האט ער געשפיעלט א גרויסע ראליע. זייטדעם האט ער זיך צוריקגעצויגען פון דעם פאליטישען לעבען.

דער נייער האנדעלס־מיניסטער דר. וויסקירכנער איז פריער געווען דירעקטאר פון וויענער מאגיסטראט. נאך די לעצטע וואהלען צום רייכסראטה, ווען די אנטי־סעמיטישע פארטיי איז געווארען די שטארקסטע אים פאר־לאמענט און לויט מנהג קומט איהר דאס רעכט, אז איינער



איבערקעהרענגש אין דער טירקי: סולטאן אבדול-האמיד.



איבערקעהרעניש אין דער טירקיי: פרינץ בורהאנעדדין-עפענדי, דעם סולטאנס ליעבלינגס-זוהן.



די צוויי יונגסטע קעניגע: קעניג אלפאנז פון שפאניען און קעניג עמאנועל פון פארטוגאל.

# שיפס־צוזאמענשטאס.

270 זעעמיילען פון ניו־יורק, נאהענט בי'ם נאנטוקעט־לייכטשטהירם, איז אם 23 יאנואר ד. י. דאס נארדאמעריקאנישע שיף „רעפובליק" מיט דעם איטאליענישען שיף „פלארידא" צוזאמענגעשטאסען. פון דער „פלארידא" זענען דאבי' עטליכע מאט־רוזען געטעדטעט געווארען, פון דער „רעפובליק" עטליכע רייזענדע. די איבריגע רייזענדע און מאנשאפטען זענען גערעטעט געווארען און צוואר האבען זיי דאס צו פערדאנקען, דעם טעלעגראפיסט פון דער „רעפובליק", זשאק ס. בינס.

דאס שיף „רעפובליק" איז איינגעריכטעט מיט טעלעגראפיע אהן דראהט און וועהרענד דער קאפיטען פון דעם שיף האט, דערזעהענדיג אז דאס שיף איז פערלארען, גערייסען אראבלאזען די רעטונגסשיפלעך און די גאנצע מאנשאפט מיט די רייזענדע האבען זיך גערעטעט, איז דער טעלעגראפיסט געבליעבען אויף זיין פלאץ און האט, נישט פערליערענדיג דעם מוטה, אין אלע זייטען ארויסגעגעבען סיגנאלע, אז דאס שיף געפינט זיך אין דער גרעסטען געפאהר. אויף דעם מעער האבען זיך גראדע דעמאלט געפונען די שיפע „באלטיק", „לעראין", „לוקאניא", וועלכע האבען עבענפאלס דראהטלאזע טעלעגראפיע און פון אלע זייטען זענען זיי געאיילט צו הילף דעם זינקענדיגען שיף. די מאנשאפט און רייזענדע זענען דערווייל איבערגענאנגען אויף דעם שיף „פלארידא", אבער דאס שיף איז שוין געווען אזוי איבערלאדען און בעשעדיגט, אז עס האט זיך נישט געקענט ריהרען פונ'ם ארט און ס'האט אויך איהם געדראהט די גרעסטע געפאהר.

דאס ערשטע שיף, וועלכעס איז געקומען צו הילף, איז געווען די „באלטיק". אין דער נאכט אויף דעם 24 יענער ביי שטארקעם נעבעל האט עס דערגרייכט די אונגליקסשטעלע און תיכף אראבגעלאזט 20 רעטונגס־שיפלעך, אויף וועלכע די רייזענדע פון דער „פלארידא" און פון דער „רעפובליק" ווי אויך די מאטראזען זענען אריבערגעבראכט געווארען. 6 שעה האט די ארבייט געדויערט און מעהר ווי 1200 מענשען האט מען אזוי איבערגעפיהרט. יעדעס שיפעל האט נישט געקענט אויפנעהמען מעהר ווי 10 פערזאנען; די „באלטיק" איז געווען א גאנצע זעעמייל ענטפערנט פון די ביידע פעראונגליקטע שיפען און די ארבייט איז געווען א אונגעהייערע.

דאס פראנצעזישע שיף „לעראין" איז געווען 120 זעעמייל ענטפערנט פונ'ם אונגליקסארט. אויך דיעזעס שיף האט שנעל געאיילט צו הילף, אבער נאך איידער עס איז אנגעקומען, האט עס בעקומען די דראהטלאזע מעלדונג פון דער „באלטיק", אז אלעס איז גערעטעט און מען ברויכט שוין קיין הילפע מעהר.

די „באלטיק" איז אם 25 יענער מיט די נייע רייזענדע און מאנשאפטען צוריקגעקעהרט קיין ניו־יארק, וואו זי איז פון אלע דארטיגע שיפע בעגריסט געווארען מיט מוזיק און הורראה־סיגנאלע. הונדערטטויזענדע מענשען האבען געווארט ביים האפען, וועלכער איז געווען בעהאנגען מיט פאהנען. די מאנשאפטען פונ'ם „באלטיק" האבען בעקומען די הערצליכסטע גראטולאציעס פון דער גרויסער מענשען־מענגע וועגען זייער רעטונגס־ארבייט. בעזונדערע אנערקענונג פערדיענען די ביידע טעלעגראפיסטען פון דער „באלטיק" און פון דער „רעפובליק", וועלכע האבען נישט פערלוירען דעם מוטה און די קאלטבלוטיגקייט און נאר זיי איז די רעטונג פון אזויפיעל מענשען צו פערדאנקען.

די „פלארידא" האט זיך מיט שווערער מיה דערשלעפט ביז קיין ניו־יארק, בעגלייטעט פון דעם אמעריקאנישען שיף „ניו־יארק".

די „רעפובליק" האט מען צוגעשעפעט צום „באלטיק", אבער זי האט זיך נישט געקענט האלטען און איז אם 24 יענער אים גאנצען פערזונקען.

דער שאדען בעטרעגט עטליכע מיליאן און צווישען די ביידע געזעלשאפטען איינעמהיטער פון דער „פלארידא" און „רעפובליק" וועט עס קומען צו א פראצעס, ווער ס'האט דעם צוזאמענשטאס פערשולדעט.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א בילד, פארשטעלענדיג די סיטואציע אויפ'ן מעער, ווי די ביידע שיפען שטאסען צוזאמען, און ווי פון אלע זייטען איילען שיפען זיי צו הילף, — א צווייט בילד שטעלט פאר דעם מאמענט, ווען די „באלטיק" ברענגט קיין ניו־יארק די רייזענדע פון דער „רעפובליק" און פון דער „פלארידא".




שיפס־צוזאמענשטויס. די שיפען פלארידא און רעפובליק שטויסען צוזאמען אין מיטען ים, פון אלע זייטען איילען שיפען זיי צו העלפען.



שיפס־צוזאמענשטויס: די „באלטיק" קעהרט צוריק קיין ניו־יארק מיט די געראטעטע רייזענדע פון די שיפען „פלארידא" און „רעפובליק".

# דער ערשטע מאדערנע אנטיסעמיט.

אנטיסעמיטען זענען פערהאנען געווען זייטדעם עס עקסיסטירען יודען אויף דער וועלט. פון דעם ערשטען "הבה נתחכמה", וואס פרעה מיט זיינע מיניסטער האבען אויסגעקלערט אין מצרים, ביז אויפ'ן היינטיגען טאג. טענה'ן די יודענפיינד אלץ דאסזעלבע און ווענדען אן ריעזעלבע שפעקולאציעס.

אבער דער אנטיסעמיטיזמוס אלס סיסטעם, אלס פאליטישעס פראגראם מיט א פעסטער ארגאניזאציע, דאס האבען מיר דעם געבענשטען 19־טען יאהרהונדערט צו פערדאנקען, און דער ערשטער, וואס האט אזא מין ארגאניזאציע געשאפען, איז געווען דער פרעדיגער פון דייטשען קאיזערהאף שטעקער, וועלכער איז פאריגע וואך, 74 יאהר אלט געשטארבען.

שטעקער האט אלס הויף־פרעדיגער פונ'ם דייטשען קאיזער ווילהעלם .I, געשפיעלט א גרויסע ראליע. ער איז געווען א טיכטיגער רעדנער און זיין עהרגייץ האט איהם געשטיפט דאצו. ער זאל אויך אים פאליטישען לעבען בעקומען איינפלוס. עס האט זיך איהם געחלומ'ט, אז ער וועט נאך אמאל ווערען מיניסטער און אפשר נאך איינגעהמען ביסמארק'ס ארט.

ווען ביסמארק האט זיך צוקריעגט מיט די ליבעראלען און זיין נאנצער כעס איז אויסגעגאנגען צו זייער



דער ערשטער מאדערנער אנטיסעמיט: האפ־פרעדיגער שטעקער, בעגרינדער פון דער אנטיסעמיטישען פארטיי אין דייטשלאנד, איז פאריגע וואך געשטארבען.

יודישען פיהרער, לאסקער, האט ער זיך בענוצט מיט שטעקער'ן, ארויסצורופען א אנטיסעמיטישע פארטיי אין דייטשלאנד וכזה האופן לאסקער'ס איינפלוס צו ברעכען.

דאס איז איהם געלונגען. שטעקער האט ענטוויקעלט א געוואלטיגע אגיטאציע. ער האט אויפגעהעצט און אויפגערייצט די ווילדסטע אינסטינקטע פונ'ם פאלק און אין קיים עטליכע יאהר האט זיך דער אנטיסעמיטיזמוס אלס סיסטעם, אלס פאליטיש פראגראם פערברייטעט אין גאנץ דייטשלאנד; פון דארט איז ער אריבער קיין אונגארן, וואו ער האט ערגייכט זיין העכסטען פונקט ביים טיסא־עסלאר־פראצעס. ווען די אנטיסעמיטען האבען אויפגעפרישט דאס שרעקליכע עלילת־הדם דאס בלוט־בלבול. אין אונגארן האט זיך דער אנטיסעמיטיזמוס אלס פארטיי נישט לאנג געקענט האלטען, דאגעגען איז איהם געלונגען, אין עסטערייך צו פייער'ן די גרעסטע זיגע. די אנטיסעמיטישע פארטיי איז דא די שטארקסטע אים רייכסראטה, איהרע פערטרעטער זיצען אים מיניסטעריום, אים פרעזידיום פון רייכסראטה, ווין און ניעדער־עסטערייך זענען גאנצען אין זייער'ע הענד און זייער איינפלוס איז צו מערקען אויף שריט און טריט.

שטעקער אליין האט נישט געהאט די זכיה, מיטצופייער'ן די טריומפפע פון זיין פארטיי. ער האט זיך אין פיעל ענינים אזוי שטארק בלאמירט, אז מען האט איהם אבגעזעצט פון זיין שטעלע אלס הויף־פרעדיגער. אים דייטשען רייכסטאג האט מען ענטדעקט זיינע פאלשהייטען און אינטריגעס, די אנטיסעמיטישע פארטיי איז דורך זיינע חברים אהלווארדט עטצ. שטארק געזונקען און מיט דער צייט איז שטעקער געווארען אים גאנצען פערגעסען, מען האט איהם נישט מעהר געוועהלט אין רייכסטאג און פון אלע זייטען האט מען איהם אויסגעלאכט. ערשט זיין טוידט האט אן איהם ווידער דערמאנט.

דער סוף פון שטעקער, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין אונזער היינטיגער נומער, מעג דיענען אלס א ווארנונג פאר אלע אנטיסעמיטען.



שרעקליכע איבערשוועמונגען: די צערשטערטע אייזענבאהן־בריק ביי אטבערגען.

## שרעקליכע איבערשוועמונגען.

"איבערשוועמונגען אים ווינטער" -- דאס איז ווירקליך א מערקווערדיג און זעלטען ערייגניס. איבערהויפט אין אזא ווינטער, ווי מיר האבען דאס יאהר, אין וועלכען דער שנעע איז אזוי זעלטען און עס איז, צום בייספיעל אין ווין, נעקומען אזוי ווייט, אז דאס וואסער פון די וואסערלייטונגען האט נישט אויסגערייכט פאר'ן בעדארף און מען האט געמוזט אין די מייסטע הייזער די לייטונגען שליעסען, כדי צו שפאר'ען וואסער.

אין די לעצטע צוויי וואכען אבער איז גאנץ מיטעל־אייראפא געבענשט געווארען מיט זעהר פיעל שנעע, וועלכער איז נישט געבליעבען לאנג ליעגען. נאך טאקי תיכף צעלאזט געווארען. דאס האט געפיהרט דאצו, אז אין דייטשלאנד און אין בעהמען האבען די וואסערן אויסגעגאסען און פערפלייצט גאנצע שטעדט.

אין פיעל גרויסע שטעדט, ווי פראנקפורט אם מאין, נירנבערג, לייפציג, דרעזדען, באר קיסינגען, היילינגענשטאדט, אטבערגען, קאבורג, קאסעל, האנאווער, מינכען, ויענבערג, ווירצבורג, געטינגען, אייזענאך עטצ. עטצ. האט דאס וואסער אנגעמאכט די שרעקליכע חורבות. גאנצע שטראסען זענען געווארען איבערשוועמט, אייזענבאהנבריקען אבגעריסען, באהנגלייזע צערשטערט... דער שאדען בעטרעגט מיליאנען, אין פיעל גרויסע שטעדט האט מען זיך געמוזט שיפען פון איין גאס אין דער אנדערער. אין מאנכע ערטער האט דאס וואסער פערפלייצט די גאסען ביז א האלבען מעטער הויך, א מענגע פאבריקען האט געמוזט די ארבייט



א דאפעלטער זעלבסטמארד: ציגספיהרער רודאלף וואלצעק און דער קארפאראל קאגיי שיעסען זיך פרייוויליג אין דער לאיבאכער קאסערן.



שרעקליכע איבערשוועמונגען: א פערפלייצטע גאס אין קאסעל.

איינשטעלען און אויף פיעל באהאלטניגען איז דער פערקעהר געווארען אונטערבראכען.

די עלטסטע מענשען געדענקען נישט אזא פאל, אים סאמע מיטען ווינטער זאל אויסברעכען אזא איבערשוועמונג.

ס'איז נאר א גליק, וואס די קאטאסטראפע האט נישט געפאדערט קיין מענשען-לעבען, ווענינסטענס אין די גרויסע שטעדט. אויף דעם לאנד, אין די דערפער, זענען אוודאי אויך מענשען דערטרונקען געווארען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער עטליכע בילדער פון דער וועלטענער, מערקווירדיגען ווינטערדיגען איבערשוועמונג.

# די צוויי יונגסטע קעניגע.

שפאניען און פארטוגאל ווערען בעהערשט פון די צוויי יונגסטע קעניגע אין אייראפא. דער קעניג פון שפאניען, אלפאנז .XIII, איז אלט 22 יאהר, דער קעניג עמאנועל .II פון פארטוגאל 19 יאהר. ביידע האבען איבערגענומען די רעגירונג אונטער די שווערסטע פערהעלטניסע, נענען ביידע הערשט אין זייערע איינענע לענדער א שטארקע פיינדליכע שטרעמונג און ביידע קענען זיך מיט שווערער מיהע האלטען אויף דעם שטוהל.

אין שפאניען איז זעהר שטארק די קארליסטישע פארטיי, וועלכע וויל ארויפזעצען אויף דעם טהראן דעם הערצאג דאן קארלאס פון בורבאן, וואס זיין משפחה האט פריהער געהערשט איבער שפאניען. אין פארטוגאל דאגעגען איז שטארק פערברייטעט דער רעפובליקאניזמוס און א שטארקע פארטיי וויל דארט איינפיהרען די רעפובליק.

דעם יונגען שפאנישען קעניג האט א ביסעל געהאלפען דאס ער איז געבוירען געווארען אלס קעניג. זיין פאטער איז געמליך געשטארבען נאך איידער ער איז געבוירען געווארען און די מוטער האט דערווייל געפיהרט די רעגענטשאפט. דאס פאלק האט מיט א געוויסען אינטערעס פערפאלגט דאס וואקסען און די ענטוויקלונג פון דעם קעניג און ער איז ביי די ברייטע פאלקס מאסען געווארען פאפולער און בעליעבט. אים אלטער פון 16 יאהר האט ער איבערגענומען די מלוכה און 4 יאהר שפעטער האט ער געהייראטעט די ענגלישע פרינצעסען וויקטאריא אייזעניא פון באטענבערג. דאמיט איז ער געווארען א נאהענטער קרוב פון ענגלישען קעניג און אויך דאס האט זיין שטעלונג א ביסעל בעפעסטיגט.

אבער ט'אטצדעם איז ער נאך נישט גאנץ רוהיג. שטענדיג לעבט ער אין מורא און פחד פאר א רעוואלוציע אדער פאר א אטענטאט. אפילו אין דעם טאג פון זיין חתונה האט מען געווארפען א באמבע אויף דעם וואגען, אין וועלכען ער איז געזעסען מיט זיין יונגער פרוי. נאר דורך א גליקליכען צופאל איז איהם נאר נישט געשעהען, חאטשי די באמבע האט געפלאצט און עטליכע מענשען זענען געטויטעט געווארען.

נאך ווייניגער גליקליך פון איהם איז דער קעניג עמאנועל פון פארטאגאל. ער איז געקומען צו דער מלוכה דאך דעם פורכטבאר'ען אטענטאט אויף זיין פאטער און זיין עלטערן ברודער אם 1 פעברואר 1908. דער קעניג און דער קראנפרינץ זענען דערמילט אין דער הויפטשטאדט אויף אפענער שטראסע געווארען דערשאסען. ער, דער יונגסטער זוהן, האט איבערגענומען די רעגירונג, 18 יאהר אלט. דאס לאנד האט זיך זייטדעם נישט בערוהיגט, האטשי די רעגירונג איז א ביסעל ליבעראלער געווארען. דער קעניג ציטערט פאר זיין לעבען און די רעפובליקאנישע בעוועגונג פערברייטעט זיך וואס א מאל מעהר.

פאר'ינע וואך זענען די ביידע יונגע קעניגע צוזאמענגעקומען, אין א קליין פארטאגאלישע שטעדטעל און די ציי'טונגען בעצייכנען עס אלס ערא'יגניס. וואס ס'איז זיי דאפיי נאר נישט געשעהען! — א אמת'דיג טרויריגער גורל פאר מענשען, וואס טראגען די קרוין אויף'ן קאפ!...

שפאניען און פארטוגאל, צוויי לענדער, וואס האבען א מאל די האלבע וועלט בעהערשט, זענען היינט מלוכות פון דריטען און פערטען ראנג און קיינער קומערט זיך נישט וועגען זיי.

נאר אין איין פונקט קענען זיי די אנטיסעמיטען מקנא זיין: די ביידע העראבגעקומענע לענדער זענען נאך ביז היינט ריין פון יודען, זייט דעם גירוש שפאניען וגירוש פארטוגאל, זייטדעם די יודען זענען דארט פערפאלגט געווארען דורך די שרעקליכע אינקוויזיציע, האבען זיי פערלוירען דעם חשק, זיך דארט ווידער צו בעזעצען... דאס פערטרייבען פון די יודען, וועלכע האבען געהאט אין זייער'ע הענד דעם גאנצען וועלט האנדעל, האט אויך געפיהרט צו דער פערארימונג פון די לענדער, פון וועלכער זי קענען זיך ביז היינט נישט ערהאלען.



ניסטאוו טוך ז"ל.

דער קעניג פון פארטוגאל וויל זיך אצינד פערלאבען מיט א ענגלישער פרינצעסין, ער רעכענט, אפשר וועט איהם דאס העלפען, זיין שטעלונג אים לאנד צו בעפעסטיגען.

אין אונזער היינטיגער נומער ברענגען מיר די פארטאגראפיעס פון די צוויי יינגסטע און אונגליקליכסטע קעניגע פון אייראפא.

# א דאפעלטער זעלבסטמארד.

אין דער אר'טילעריע-קאסערנע" אין לאיבאך איז פאריגע וואך פארגעקומען א שרעקליכער פארפאל. דער צונספיהרער רודאלף וואלצעק און דער קארפאראל קאניי האבען זיך געגענזייטיג מיט זייערע דיענסט-רעוואלווערס דערשאסען. ביידע זאלדאטען האבען בעשלאסען, זיך צו נעהמען דאס לעבען און נישט ווילענדיג זיך אליין דערשיעסען, האבען זיי געפאסט דעם בעשלוס, זיי זאלען זיך געגענזייטיג מיט א מאל שיעסען. ביידע זענען תיכף געבליעבען טויט. פון בריעף, וועלכע זיי האבען איבערגעלאזט, ווערד מען געוואהר, אז דער קארפאראל קאניי



שרעקליכע איבערשוועמונגען: א פערפלייצטע גאס אין וויצבורג.



רעטהזועלהאפטער טוידט: דער שריפטשטעלער קאטולע מענדעס.

האט זיך ערשאסן וועגען אונגליקליכער ליעבע, די אוד־זאבע, פארוואס דעם צוגנספיהרער וואלצעק" איז נמאס געווארען דאס לעבען, איז נישט בעקאנט.

אין דער נאכט, וועלכע דער דאפעלט־זעלבסטמארד איז געשעהען, האבען ביידע פיעל געטרונקען אין א שענק; צוריקקומענדיג אין דער קאסערנע האבען זיי די שרעקליכע טהאט אויסגעפיהרט.

מיר בריינגען אין אונזער היינטיגער נומער א אריגי־נעל בילד, פארשטעלענדיג דעם מאמענט, ווען ביידע זאלדאטען דערשיעסען זיך.

# דער פרויען־מערדער פון בערלין.

גאנץ בערלין איז זייט א וואך אין דער גרעסטער אויפרעגונג. זייט עטליכע טאג דרעהט זיך דארט ארום א אונבעקאנטער מאן, וועלכער נעהערט זיך פלוצים צו אליין־געהענדע פרויען און דערשטעכט זיי מיט א מעסער.

שוין עטליכע קרבנות האט דער פרעמדע, וועלכער איז ענטוועדער משוגע אדער פערוועהרט, אומגעבראכט. ער

פעראיבט זיינע פערברעכען מיט אזא געשיקליכקייט און פלעצליכקייט, אז מען קען איהם נישט פאקען. די פאליציי האט אויסגעשריעבען א גרויסע פרעמיע פאר דעמיעניגען, וואס וועט איהם האפען. אבער ביז איצט איז עס נישט געלונגען.

איינמאל שוין האט א מערכען, וועלכע איז פון אזא פערברעכער פערוואונדעט געווארען, גאך געהאט גענוג כח, איהם איינצוהאלטען און איבערצוגעבען דער פאליציי. דער פרעמדע האט געלייקענט, אז ער איז דאס דער פערברעכער. דאס מעדכען אבער בעהויפטעט, אז דאס איז דער רוצח. די פאליציי האט איהם איינגעשפערט און איז געווען זיכער, אז דער פויגעל איז שוין געחאפט.

אינצווישען אבער ערייגנען זיך אין בערלין ווייטערע איבערפאלע און דער אייגענטליכער פערברעכער געהט זיך ארום פריי און פריי.

די איבערפאלע געשעהען צומייסט אויף ברייטע בעלעבטע גאסען, ווען דער פערקעהר איז שטארק און ס איז דער פאראיבערגעהענדען פרוי פאסט נישט־מעגליך, זיך צו היטען פון אלע זייטען.

די בעפעלקערונג איז שטארק אויפגערעגט איבער דער פאליציי, וועלכע קען אזא שרעקליכען פערברעכער נישט פאקען, האטשי ער דרעהט זיך ארום אין די גאסען.

אויף דעם בילד, וועלכעס מיר בריינגען אין אונזער היינטיגער נומער, זעגען אויסגעצייכנעט די סצענען, וואס שפיעלען זיך אב ביי די שרעקליכע פארגעננע. דער מערדער געהערט זיך צו דעם אהנונגסלאזען קרבן און שטעכט איהם אריין איין שארף מעסער אין דען אונטערלייב. די פערוואונדעטע פאלט א נידער און דער פערברעכער איז שוין אויף דער אנדערער זייט, זוכענדיג א נייע קרבן.

דאס אייבערשטע בילד רעכטס שטעלט פאר דעם מאמענט, ווי איין פערוואונדעטע פרוי בעהויפטעט ביי דער פאליציי אז דער פערהאפטעטע מאן איז טאקי דער פערברעכער.

פארלייפיג אבער האט מען איהם נאך נישט געפאקט.

# גוסטאוו טוך

אין האמבורג איז פאריגע וואך געשטארבען דער בעקאנטע וואהלטהעטער און כלל־טהוער, גוסטאוו טוך, 75 יאהר אלט.

א הויך־געבילדעטער און ענערגישער מאן, האט דער פערשטארבענער זעהר פיעל אויפגעטהון אין דייטשלאנד לטובת כלל־ישראל. אונצעהליגע זענען די וואהל־טהעטיגקייטס־פעראיינע און אינסטיטוטע, וועלכע ער האט געגרינדעט און אונטערשטיצט; ער האט גענומען אנטהייל ביי יעדער גוטער און עדלער זאך און זיין הומאניטעט־ווירקען איז בעקאנט אין דער גאנצער וועלט.

בעזונדערע פערדיענסטע האט זיך גוסטאוו טוך ערוואָרבען אין דער בעקעמפפונג פון מעדכענהאנדעל און ער האט זיך שטארק פעראינטערעסירט מיט דער טרויריגער לאגע פון די יודען אין גאליציען. אלע, וואס קענען איהם, וועלען איהם בעהאלטען א גוט אנדענקען. תנצב״ה.

# דער ענגלישער קעניג אין בערלין.

דער לאנג ערווארטעטע און אזוי פיעל מאל פער־שאבענע בעזוך פון ענגלישען קעניגספאר אין בערלין איז פאריגע וואך פארגעקומען.

דער דייטשע קאיזער האט זיינע קעניגליכע געסט עמפפאנגען מיט גרויס פאראד און הערצליכקייט און אויך די בערלינער בעפעלקערונג האט דאס ענגלישע קעניגס־פאר ווארם בעגריסט.

דער דייטשע קאיזער מיט דער קאיזערין און די קאיזערליכע פרינצען האבען די געסט ערווארט ביים באהנהאף, וואו עס איז פארגעקומען א הערצליכע בע־גריסונג. אויף דער רייזע צום קאיזערליכער פאלאסט האט



יובילעאום פון א יודישען געלעהרטען: פראפעסאר הערמאן מונק פייערט זיין 70־עטען געבורטסטאג.

די בעפעלקערונג די ביידע הערשער לעבהאפט אקלאמירט. ביים בראנדענבורגער טהויער האט דער אבער־בירגערמייסטער קירשנער דען קעניג בעגריסט מיט אווארמער אנשפראכע אינ'ם נאמען פון דער שטאדט.

צום עהרען פונ'ם קעניג האט דיענסטאג שטאטגעפונען ביים קאיזער א גאלא־טאפעל, ביי וועלכע די ביידע הערשער האבען געהאלטען טאאסטע און בעטאנט די פריינדשאפט צווישען ביידע לענדער.

מיטוואך איז דער קעניג געווען געלאדען צו א סעודה אים בערלינער ראטההויז און האט דארט געהאלטען א וויכטיגע פאליטישע אנשפראכע.

עס האבען נאך עטליכע פייערליכקייטען שטאטגעפונען צו עהרען פון די קעניגליכע געסט, וועלכע זענען דאנערשטאג ווייטער בעגלייטעט פון דער קאיזער־ליכער פאמיליע ביז צום באהנהויף, נאך א הערצליכען אבשיעד א היים געפאהרען.

די ענגלישע און די דייטשע בלעטער זענען איינ־שטימיג, אז דיעזער בעזוך האט א גרויסע פאליטישע בע־דייטונג און אז די פאליטישע פערהעלטניסע צווישען ביידען לענדער, וואס זענען אין די לעצטע יאהרען געווען שטארק געשפאנט, וועלען זיך איצט בעסערן.

מיר בריינגען אין אונזער היינטיגער נומער א אריגינאל בילד, פארשטעלענדיג דעם מאמענט, ווען דער בער־לינער אבער־בירגערמייסטער קירשנער בעגריסט די ביידע הערשער ביים בראנדענבורגער טהויער.



רעטהזועלהאפטער טויד: די פרוי פון דעם שױשטעלער קאטולע מענדעס.

# דוד שפּירא, דער בעפרייער פון פראג

## היסטארישער ראמאן אויס דער צייט פונ'ם דרייסיגיעהריגען קריעג

בעארבייטעט נאך א. ע. בראכפ נעל.

(V פאָרטזעצונג) *).

אכטעס קאפּיטעל.

די שוועדען האָבען נעהאַלטען, ווי אָדראָוואַלסקי האָט זיי נעראָטהען, מעהר ווי א חודש איז זייט דעם פעראלאָסען און זיי האָבען זיך נישט נעוויעזען נעבען פּראַג. די נענעראַלע, וועלכע זענען פריהער נעווען נעגען דוד שפּירא, האָבען איצט נעלאַכט פונ'ם שטאַטהאַלטער, וואָס האָט זיך נעלאָזט איבערשרעקען דורך דעם יוד'ס מעשיות און איהם נעמאַכט צום הויפּטמאַן, אַ־יך דער שטאַטהאַלטער און די נענעראַלע קינסקי און טשערנין האָבען אָנגעהויבען צו צווייפעלן, אויב דוד שפּירא האָט רעכט. זיי זענען מיער נעוואָרען, שטענדיג צו האַלטען וואך און עס האָט זיך זיי נעדאַכט, אַז די שוועדען וועלען שוין נישט מעהקומען, לויט נאַכריכטען, וואָס בויערן פון דער אומנעבונג האָבען נעבּרענגט. זענען טאַקי די שוועדען צוריקמאַרשירט פון בוכוי איבער קאארען צו דער באַיערישער גרעניץ און ס'האָט אויסנעזעהען, אלס אויב נענעראַל קעניגסמאַרק וויל זיך פאַראייניגען מיט'ן פעלד־מאַרשאַל ראַנגעל כּאַ־ל גוסטאַוו און צוריקמאַרשירען קיין בייערן.

דער שטאַטהאַלטער האָט שליעסליך איינבערופען א קריענסראַטה, פאַר וועלכען דוד שפּירא איז נעוואָרען פאַרנעלאַדען. ער זאָל זיך פערענטפערן וועגען זיין אומזיסטיג איבערשרעקען די שטאָדט.

דוד שפּירא איז ערשיענען פאַר דעם קריענסראַטה רוהיג און נעפאַסט.

— איך בעהויפּטע ווייטער — זאָגט ער — אַז די שוועדען וועלען איבערפאַלען פּראַג... זייער צוריקציעהען זיך איז בלויס אַ שפּעקולאַציע... זיי ווילען אונז איינשלעפערן, כּדי עס זאָל זיי לייכטער ווערן, די שטאָדט פּליצים איבערצופאַלען... אויב איהר, נענעראַלע, זענט מיער און איהר ווילט נישט ווייטער די שטאָדט בעוואַכען, בעט איך אייך נאָר, איהר זאָלט אונז יודען אַליין איבערלאָזען דעם וואך־דיענסט... מיר נעהמען די אויפנאַבע אויף זיך און מיר וועלען שוין די שטאָדט אָבהיטען...

דאָס פעסטע, ענטשיעדענע אויפטרעטען דוד שפּירא'ס האָט אויף דעם קריענסראַטה שטאַרק נעווירקט... זיי האָבען נעמוזט נאָכאַמאָל מודה זיין, אַז דער יוד דוד שפּירא בעאורטהיילט די סיטואַציע בעסער פון זיי און אז מען קען זיך אויף איהם פערלאָזען.

אויך האָבען זיי נעמוזט אַנערקענען, אַז די יודישע נעמיינדע האָט אַזויפיעל געלד דער שטאָדט איבערנעגעבען, אַז דוד שפּירא האָט זיינע בהמות נעשטעלט צור פערפיגונג פון דער שטאָדט אָהן נעלד. און איבערדעם האָבען זיי זיך ווייטער נענומען צו דער אַרבייט. די שטאָדט צו בעוואַכען.

דוד'ס פּלאַן, מען זאָל די יודען אַליין איבערנעבען די אויפנאַבע, האָבען די נענעראַלע נישט נעוואָלט אָננעהמען... עס האָט זיי נישט נעפּאַסט, צו זיין קלענערע פּאַטריאָטען ווי די יודען...

דער שטאַטהאַלטער נראַף קאָלאָ־אַדאָ האָט אויך איינגעזעהען, אַז עס וואָלט פאַר איהם געווען די נרעסטע שאַנדע, ווען פּראַג זאָל נעראַדע איצנד, ווען מען אונטערהאַנדעלט וועגען פריעדען, פאַלען די שוועדען אין די הענד. תוך־לזה איז ער דאָך נעווען איבערצייגט, אַז אויב די שוועדען וועלען קומען קיין פּראַג, וועלען זיי די גאַנצע שטאָדט, נישט בלויז דאָס יודישע פיערטעל, אויסרויבען און פּלינדערן.

— — — — — — — — — — — — — —

דוד'ס שפּירא'ס ווערטער זענען אויך באַלד מקוים נעוואָרען. אַם 22 יולי האָבען די שוועדען פּלוצים זיך אומנעקעהרט און צומאַרשירט קעגען פּראַג און צוויי טעג שפּעטער זענען זיי שוין נעשטאַנען נישט ווייט פון דער שטאָדט.

אָדראָוואַלסקי האָט אַלעס פּאָ־פּערייטעט, ווי ער האָט צונעזאָגט. אויף דעם נעהיימען וועג, וועלכען ער האָט נעוויעזען, האָבען זיך צו איהם אַריינגעהאַפּט דער שוועדישע נענעראַל קעניגסמאַרק מיט פיעל אָפיציערע און אַ היבשער מענגע שוועדיש מיליטער, וועלכע ער האָט ביי זיך אים קעלער און אין נאָרטען בעהאַלטען.

אצינד פּרוּבט ער נאָך אונשעדליך צו מאַכען דעם נענעראַל האַרטיק, וועלכער האַלט די הענגבּריק, וואָס פיהרט צו דער קליין־זייט, בעוואַכט. און ער האָט אויך דאָס בעוואָרנט.

ער האָט דעם נענעראַל מודיע נעווען, אַז ס'איז אָנגעקומען דער פרישער מעלנעקער ווייַן און האַרטיק איז תיכף אַריבערגעקומען, טרינקען א פרישען כּוס משקה.

עס איז אַם 24 יולי, עלף אַ זייגער ביי נאַכט. אָדראָוואַלסקי און באַראָן האַרטיק זיצען ביים טיש, אויף וועלכען עס שטעהען עטליכע פלעשער און נרויסע נלעזער. האַרטיק האָט שוין אַ שווערען קאָפּ... דער מעלנעקער ווייַן שמעקט אַזוי זיס און האַרטיק האָט נעטרונקען, וויפיעל ס'האָט זיך נאָר נעלאָזט...

ער איז שוין נעווען האַלב שכּור און האָט נאָר נישט נעמערקט, וואָס עס טהוט זיך אַרום איהם. ער האָט דאָס נישט נעמערקט, ווי אים ווייַן־נאָרטען פון זיין פריינד זאַמעלן זיך וואָס אַ מאָל מעהר שוועדישע זאָלדאַטען אין ווי עס ווערד אין דער נאַנצען אומגעבונג וואָס אַמאָל מעהר לעבענדינער.

פּלוצים עפענט זיך די טהיר און דער שוועדישע נענעראַל קעניגסמאַרק, מיט נאָך עטליכע שוועדישע אָפיציערע קומען אַריין...

אצינד ערשט דערקענט האַרטיק, וואָס עס טהוט זיך דאָ און מיט האַלב־פערשכּור'טער צונג לאַללט ער:

— פער...ראַטה! פער...ראַטה! פעררר...ראַטה!

— מאַכט מיט איהם קיין חכמות — בעפעהלט נענעראַל קעניגסמאַרק — צעקלאַפּט איהם דעם קאָפּ...

עטליכע זאָלדאַטען איבערפאַלען דעם האַלב־פערשכּורטען און צעקלאַפּען איהם דעם קאָפּ מיט די קאָלבען פון זייערע ביקסען.

— איהר האָט אייער אַרבייט אויסנעצייכענט נעמאַכט — זאָגט קעניגסמאַרק צו אָדראָוואַלסקי, — דער מעלנעקער ווייַן. וועלכען מיר האָבען אייך נעשיקט, האָט נוט נענוצט!... אַצינד אָבער טאָ־ען מיר קיין מינוט נישט פערליערען... פאָרוועַרטס, ריטמייסטער! פיהרט אונז צו דער בּריק! דאָס מיליטער פאָלגט אונז נאָך! קיין מענש דאַרף אַ וואָרט רעדען! ווער ס'לאָזט זיך הערען, איידער מיר נעבען דאָס סיגנאַל, וועט מאָ־נען ווערען אויפנעהאַנגען!

נענעראַל קעניגסמאַרק נעהט אַ־ויס, נעפאָלגט פון אָדראָוואַלסקי און די אַנדערע שוועדישע אָפיציערע, דרויסען אינ'ם נאָרטען שטעהען שוין די שוועדען אָנגעגרייט צום מאַרש.

שטילערהייד פיהרט אָדראָוואַלסקי. דעם נענעראַל קעניגסמאַרק צו דער קליינער הענגע־בּריק, וואָס פערבּינדעט זיין נאָרטען מיט דער שטאָדט. די בּריק איז נישט בעוואַכט, ווייט און ברייט איז קיין מענש צו זעהען... שנעל יאָגען די שוועדען, צו דריי מאַן, איבער דער בּריק, און קוים אַ שעה שפּעטער איז מעהר ווי אַ נאַנץ רענימענט שוין אין שטאָדט...

אצינד בלאָזען זיי אַלאַרם... די איינוואָהנער פון דער קליין־זייט האָבען זיך אויף דערשראָקען פון זייער שלאָף, נאָך איידער זיי דערקענען, וואָס ס'איז נעשעהען בּיענען שוין עטליכע הייזער און נאַנץ פּראַג ווייסט עס, אַז די שוועדען האָבען ערָאָבערט די קליין־זייט...

אָדראָוואַלסקי אָבער קעהרט שנעל צוריק צו זיך אַ היים. ער טאַפּט אים פינסטערן אַרום, ביז ער טרעפט דעם נרויסען שראַנק, אין וועלכען עס ליענט בעהאַלטען דאָס נעלד, וואָס ער האָט נעכטען בעקומען פון די שוועדען אַלס בעלאָהנונג פאַר דעם פערראַטה. שטילערהייד עפענט ער דעם שראַנק און שטופּט זיך אָן פולע קעשענעס מיט'ן נעלד און וויל אַרויסנעהען...

— זיי נעזונד. שענע שטאָדט פּראַג! — קלערט ער ביי זיך — מעהר וועסטו מיך שוין נישט זעהען, אויב די שוועדען וועלען נאָך איבערהויפּט איבערלאָזען אַ צייכען פון דיר... אצינד האָב איך מיך נוקם נעווען אין מיינע פיינד, אין דער קאַיזערליכער אַרמעע, וואָס האָט מיך נישט נעפינען פאַר ווערטה, צו דיענען ביי איהר... די שוועדען זענען קלוגער... זיי האָבען פערשטאַנען, מיך צו בעלאָהנען ווי איך האָב פערדיענט און אצינד בין איך ווידער א רייכער מאַן און קען אָנהויבען צו פיהרען א פריש פריילך לעבען...

אָדראָוואַלסקי שליעסט צו דעם שראַנק און טאַפּט זיך אין דער פינסטער אַרויס... שוין ער האָט ערייכט די טהיר, ווען ער בעקומט פּלוצים הינטענאַרום אַ פורכטבאַרען שלאַג איבער'ן קאָפּ. עס הערט זיך אַ ווילדער שריי, א קורץ נאָ־נלען — באַלד איז ווידער שטיל...

אין עטליכע מינוט אַרום צינד אימיצער אָן א ליכט אים צימער און בוקט זיך איבער א טויטען קערפּער. עס איז דאָס אָדראָוואַלסקי'ס אַלטער דיענער... מיט א ווילדען בּליק בעטראַכט ער זיין קרבן און צעלאַכט זיך אויף'ן קול...

— אַזוי, מיין ליעבער הערר! — מורמעלט ער צווישען די צייהן — דו האָסט מיין טאָכטער ענטעהרט און אצינד האָסטו זי און מיך נעוואָלט איבערלאָזען און אַנטלויפען מיט פולע קעשענעס נאָלד! ניין, עס וועט נישט זיין אַזוי! דאָס נעלד וועלען מיר צונעהמען... דיין טויטע אָבער וועט מען צושרייבען די שוועדען...

דער אַלטער דיענער ליידינט אויס זיין הערר די קעשענעס זוכט אויך דורך דעם שראַנק און נעמט צו דאָס, וואָס אָדראָוואַלסקי האָט נאָך איבערנעלאָזט. דערנאָך לעשט ער אויס דאָס ליכט, און שלעפּט זיך שטילערהייד אַרויס...

ביי אָדראָוואַלסקי אים צימער ליענען צוויי טויטע, ער און האַרטיק. אין דרויסען אָבער פייערן די שוועדען זייער ערשטען זיענ איבער פּראַג.

זיי פייערן זייער ערשטען זיעג... זיי ווייסען נאַטירליך נישט, אַז דאָס איז אויך דער לעצטער... די בעוואָהנער פון דער קליין־זייט האָבען רוהיג נעשלאָפען און זיך נעלאָזט איבערפאַלען. אָבער דוד שפּירא און זיינע יודישע קאַמפף־נענאָסען האָבען עס נישט דערלאָזט, די נאַנצע שטאָדט זאָל פאַלען אין דעם שונא'ס הענד.

ניינטעס קאַפּיטעל.

די פערטהיידינער פון דער קליין־זייט זענען נעווען אַזוי רוהיג און אָהן זאָרג, דער איבערפאַל פון די שוועדען דורך אָדראָוואַלסקי'ס ניעדערטרעכטינקייט אַזוי פּאָרבערייטעט און פּלעצליך אויסנעפיהרט, אַז זיי וואָלטען זיכער נעקענט באַלד אויך די אַלט־ און די נייַ־שטאָדט איבערראַשען, ווען די פּראַנער יודען אונטער דעם קאָמאַנדאָ פון ר' שמעון און דוד שפּירא זאָלען נישט נעווען האַלטען בעוואַכט די שטיין־בּריק, וואָס פיהרט איבער דער מאָלדוי פון דער קליין־זייט צו דער אַלט־שטאָדט.

*) נייע אַבאָנענטען ערהאַלטען די פריהעריגע פאָרטזעצונגען אויף פערלאַנגען גראַטיס צוגעשיקט.

די שטיין־בריק, שפּעטער נעפּאמוקס־בריק גערופען, איז געווען די איינציגע פערבינדונג צווישען דעם מזרח׳דיגען און דעם מערב׳דיגען טהייל פון פראג. זי איז אויך געווען דער איינציגער וועג, אויף וועלכען די שוועדען וואלטען געקענט אריינדרינגען אין די אלט־ און ניי־שטאדט, דער מאלדוי־פלוס, וועלכער טהיילט אב די קליין־זייט פון דעם איבריגען פראג, איז גענוג ברייט און טיעף, זיין וואסער איז שטארק רייסענד און שטירמיש. אזוי אז עס איז נישט מעגליך געווען, אהן דער בריק צו ערדרייכען דעם אנדערן טהייל פון דער שטאדט. דאצו נאך האבען די שוועדען נישט געהאט קיין שיפלעך און וועגדקעס, ווייל דער שטאטהאלטער גראף קאלראדא האט געפאלגט דוד שפּירא׳ס עצה און געהייסען אלע שיפלעך אריבערפיהרען אויף דער רעכטער זייט פון דער מאלדוי.

די שטיין־בריק און דער אלטשטעדטער בריקען־טהורם זענען איבעריגעס געווען די ביידע איינציגע פונקטע, פון וועלכע מען האט געקענט די שטאדט פערטהיידיגען אדער עראבערן. דיעזע ביידע פונקטע זענען אבער איבערגעגעבען געוואָרען די יודען צום איבערוואכען און דוד שפּירא האט אצינד בעוויעזען, אז ער בעזיצט די נישט־דערשראָקענהייט, דעם מוטה און די קריעגערישע טיכטיגקייט, וועלכע זענען נויטהיג צו דיעזער אויפגאבע.

דוד שפּירא איז געווען איבערצייגט, אז דער שוועדישער איבערפאל וועט באלד געשעהען און ער האט וועהרענד דער גאנצער צייט, וואס די קריסטליכע בעפעלקערונג האט זיך געלאזט איינשלעפערן דורך די שוועדישע שפּעקולאציעס און מיינען, אז דער פיינד ציעהט זיך צוריק, אלעס אנגעגרייט, די וויכטיגע פונקטע צו בעפעסטיגען. דער שטאטהאלטער האט איהם אין זיין ארבייט נישט געשטערט, חאטשי נאר מאנכעס פון זיינע פארבערייטונגען האבען איהם אויסגעזעהען לעכערליך און נישט־נויטהיג. די איינציגע בעדינגונג, וועלכע דער שטאטהאלטער האט געשטעלט, איז געווען, אז דער פערקעהר צווישען דער קליין־זייט און דעם איבריגען פראג זאל נישט ווערען אונטערבראכען.

דוד שפּירא האט אלע „שפּאנישע רייטער" פון דער אלט־ און ניי־שטאדט צוזאמענגענומען און זיי אויסגעשטעלט פאר דעם בריקען־טהורם און אויף דער שטיינבריק. „שפּאנישע רייטער" איז געווען א מין קריעגס־ווערקצייג אין אלטע צייטען, עס איז בעשטאנען אויס גראָבע לאנגע קלעצער, אנגעשפּארט אויף שטארקע, שפּיציגע אייזענס. פון יעדען קלאץ האבען ארויסגעשטעקט אייזערנע שארפע שפּיצען, געדיכט נעבען איינאנדער, און זייער צוועק איז געווען, דעם פיינד צו פערלעגען דעם וועג. — אט די „שפּאנישע רייטער" האט דוד שפּירא אויף דער בריק אזוי געדיכט נעבען איינאנדער צוזאמענגעריקט, אז עס איז בלויז געבליעבען א שמאלער וועג, כדי דער פערקעהר איבער דער בריק זאל נישט זיין אינגאנצען געשטערט. אבער א קעגען דעם איינדרינגענדען פיינד האבען זיי געבילדעט א שטארקען שוץ.

דער בּאָדען פון דער קליין־זייט נעבען דער בריק איז געווען ניעדריגער און פלאכער ווי פון דער אנדערער זייט. איבערדעם איז דער בריקען־טהורם אויף דער קליין־זייט געווען פיעל ניעדריגער ווי די בריק. נעבען דעם ברעג פון דער אנדערער זייט איז געווען א גאנץ קליינע אבער העכער געלעגענע אינזעל, אויף וועלכער דער בריקען־טהורם פון דער אלט־שטאדט איז געווען געבויט. אויסערדעם האט זיך אויף דער אינזעל געפונען א נ׳אלט קאסטעל. דער דאך פון דעם קאסטעל האט דערגרייכט די האלבע הייך פון דעם טהורם און איז געווען פערבינדען דורך א פעסטען, מיט אייזען געדעקטען גאנג, וועלכער האט זיך געצויגען ביז צום עבענפאלס שטארק בעפעסטיגטען קאנווענט פון די שטערנקרייץ־ארדענס־ריטער.

דוד שפּירא האט אויך געפועל׳ט ביים גראף שטערנבערג, דעם מייסטער פון די קרייצהערען, ער זאל לאזען דאס אלטע קאסטעל בעפעסטיגען און דארט אויפשטעלען עטליכע שווערע קאנאנען.

דוד שפּירא האט בעניצט די צייט וואס די שוועדען האבען געצענערט מיט זייער אנגריף, דאצו, די יודען אויסצולערנען, ווי אומצוגעהן מיט די קאנאנען און מיט די שפּאנישע רייטער, מיט דער ביקס און מיט׳ן שווערד. דער אלטער רב ר׳ שמעון שפּירא אבער פלעגט יעדען טאג ארויסקומען און די יודען מיט זיינע ווארמע ווערטער אנאייפערן, נישט צו פערליערען דעם מוטה און נישט צו ווערען מיעד פון דעם לאנגען ווארטען.

צוויי טעג, איידער עס איז געקומען צים קאמפף, שיקט גראף שטערנבערג רופען דוד שפּירא און זאגט צו איהם:

— שפּירא, איך האב בעמערקט אויף דעם פלוס א ערשיינונג, וועלכע דו האסט זיכער נישט געזעהען. דעם שטאטהאלטער האב איך צוואר דאריבער נישט געמעלדעט, ווייל ס׳קען זיין, אז איך בין מיך טועה. דיר אבער, וואס דו האסט איבערגענומען די בריק און דעם טהורם צו פערטהיידיגען, דערצעהל איך עס, כדי דו זאלסט נאכפארשען אויב איך האב ריכטיג געזעהען.

— וואס צום ביישפּיעל, האט איהר, געעהרטער העררר גראף, געזעהען? — פרעגט דוד שפּירא.

— נעכטען שפּעט ביי נאכט, געגען 11 א זייגער בין איך ארויסגעגאנגען אויף דעם קאסטעל, צו שעפּען א ביסעל פרישע לופט און צו זעהען, וואס דיינע לייט טהוען. איך קיק גראדע אויף דעם פלוס און — זעהסטו דארט דעם ווינבערג, וואס ליעגט גראדע געגען דעם יודענפיערטעל, דארט הינטער דער קליין־זייטע — דארט האב איך געזעהען ביים ברעג א לאמטערן זיך בעוועגען אויפ׳ן וואסער, וואהרשיינליך איז דארט א שיפעל געפאהרען... דאס ליכט איז אבער פלוצים פערשוואונדען געווארען דעם יודישען פיערטעל צו...

— העררר גראף! — ענפערט דוד שפּירא — איהר האט ריכטיג געזעהען, אויך איך האב געזעהען דעם ליכט־שיין!

— וואס איז דאס פאר א פארנעהען? — פרעגט דער גראף — צו־וואס ערלויבט איהר, מען זאל אזוי שפּעט אין דער נאכט ארומפאהרען אויפ׳ן וואסער. ווער ס׳האט עהרליכע אבזיכטען, קען דאך ביי טאג אריבערגעהען דורך דער בריק! און צו־וואס פיהרט דער בעטרעפענדע א לאמטערן ביי זיך? די זאך איז מיר עפּיס פערדעכטיג!

— איך ווייס פון אלעם — זאגט דוד שפּירא ווייטער — און דאס אומפאהרען ביי נאכט אויף דעם וואסער בעדייטעט, אז מיר וועלען שוין אין א פאר טאג ארום האבען צו קעמפּפען מיט די שוועדען. מארגען ביי נאכט וועלען מיר ווידער זעהען דעם לאמטערן און אין דעריבערנער נאכט, ווען די שוועדען וועלען קומען, וועט דער לאמטערן טאנצען אויפ׳ן וואסער!

— דוד שפּירא — זאגט דער גראף שטרענג — מיר דאכט זיך, דו מאכסט פון מיר חוזק!

— איך וואלט מיך גליקליך געפיהלט, גנעדיגער העררר גראף, — ענפערט דוד — איך זאל קענען חוזק מאכען און די שוועדען זאלען נישט קומען. עס איז אבער ביטערער ערנסט... איך האב געהאט רעכט מיט מיין פורכט און מיט מיין פארזיכט! דער מענש, וואס פאהרט ארום ביי נאכט אויפ׳ן וואסער מיט׳ן לאמטערן, איז מיין שליח; איך שיק איהם יעדע נאכט ארום, אויפצופאסען, אויב עס געשעהט נישט דארט אים ווינגארטען עפּיס נייעס... פון דארט אויס ערווארט איך געמליך דעם אנגריף! זייט נעכטען אבער רודערט זיך דארט עפּיס — און איך בין זיכער, אז די שוועדען זענען אין דעם נאך־רודער בעטהייליגט...

— אויב אזוי, מוז מען דאס תיכף מעלדען דעם שטאטהאלטער! — זאגט גראף שטערנבערג.

— ניין, גנעדיגער העררר! — ענפערט דוד שפּירא — דער שטאטהאלטער ברויכט דאפון נישט צו וויסען. ס׳איז גענוג, ווען איך און זי, העררר גראף, וויסען עס. ווען מיר זאלען דאס דערצעהלען דעם שטאטהאלטער, וועט ער עס ענטוועדער נישט גלייבען, און דעמילט נוצט אונזער דערצעהלען גאר נישט, אדער ער וועט עס יא גלייבען און די שטאדט אלארמירען, און די שוועדען וועלען זיך צוריקציערען און זוכען נייע פּלענער. איך וויל ליעבער ווארטען, ביז זיי קומען, און טהון וואס איך וועל קענען. אויב עס וועט זיך ארויסשטעלען א געפאהר פאר דער שטאדט, וועט עס נאך זיין צייט, דעם שטאטהאלטער אלעס צו מעלדען!

— זאל זיין אזוי, ווי דו זאגסט — בערוהיגט זיך דער גראף — אבער דו זאלסט וויסען, אז איך וועל יעדע נאכט שטעהען אויף דעם קאסטעל און אכטונג געבען, וואס עס געהט פאר!

— און איך — ענפערט דוד שפּירא — וועל שטעהען נישט ווייט דאפון. דעמילט וועלען פיער אויגען זעהען, וואס ס׳געשעהט אין דעמילט וועט איהר, העררר גראף, זעהען, אז איך האב רעכט געהאט

גראף שטערנבערג האט זיך צוואר א ביסעל בערוהיגט און איז נישט געלאפען צים שטאטהאלטער. אבער ער האט גלייכצייטיג פארבערייטעט זיינע קרייצהערען, זיי זאלען זיין געריסטעט צום קאמפף, כדי זייער ארדענסהויז צו פערטהיידיגען...

---

אין דעם אבענד, אין וועלכען די שוועדען זענען די שטאדט איבערגעפאלען, אם 26 יולי צווישען 11 און 12 א זייגער, איז גראף שטערנבערג מיט דעם ארדענס־מייסטער געזעסען אויף דעם קאסטעל, אכט־געבענדיג אויף אלעס, וואס געהט פאר און ארום. ר׳ שמעון שפּירא איז געזעסען אויף דעם טהורם, אויף וועלכען מען האט אויפגעהאנגען די פאהן מיט׳ן מגן־דוד, דוד שפּירא אבער איז געשטאנען מיט טויזענד יודישע קרעפטיגע מענער ביים אלשטעדטער טהורם. די טהירען זענען געעפענט און די יודען זענען אין קליינע אבטהיילונגען איבערמארשירט אויף דער בריק ביז צו דער קליין־זייט צו. די ערשטע צוויי פון די יודישע אבטהיילונגען זענען געווען בעוואפענט מיט לאנגע קנעכעלשפּיעזען. די אנדערע אבטהיילונגען האבען געהאט געלאדענע פייער־ביקסען. יעדע אבטהיילונג איז געשטאנען צעהן מאן ברייט און פיער מאן טיעף, צוזאמען 40 מאן. אויסערדעם האט יעדע אבטהיילונג געהאט נאך צעהן מאן אהן וואפען, וועלכע זענען געשטאנען ביי די „שפּאנישע רייטער". די גאנצע קליינע ארמעע האט אבגעווארטעט דאס סיגנאל, וועלכעס מען האט פון פריהער בעשטימט.

דער גרויסער זייגער פון׳ם טהורם האט גראדע געשלאגען 11. ווען ס׳האט זיך פלוצים געוויעזען דער ליכט־שיין אויף דעם ברעג געגען דעם ווינגארטען. דאס ליכט האט זיך שנעל בעוועגט איבער׳ן וואסער. קומענדיג אין מיטען פלוס, האט עס פלוצים אנגעהויבען אהין און אהער צו טאנצען און איז באלד פערלאשען געווארען.

דוד שפּירא, זעהענדיג דאס אלעס, איז אויפגעשפּרונגען פון זיין פּלאץ. אויפהייבענדיג די הענד צום הימעל מיט א קורץ געבעט: „גאט פון אונזערע אבות העלף אונז אין דער שווערען שעה! די שוועדען זענען דא!" דערנאך שיעסט ער אויס זיין פּיסטאלע. קוים דערהערט זיך דער קנאל פון׳ם שאס, צינדט ר׳ שמעון שפּירא אויף דעם טהורם אן א פאקעל און האלט זי הויך איבער׳ן קאפּ, אזוי אז זי בעלייכט די גאנצע געגענד. דער אלטער מאן מיט זיין ווייסער, לאנגער באָרד און די ווייסע פאהן מיט׳ן בלויען מגן־דוד מאכען ביי דעם שיין פון דער פאקעל א געשפּענסטערישען איינדרוק.

אינטען אבער, אויף דער בריק, הערט מען דאס קאמאנדירען פון דוד שפּירא. מיט געצייגטע שווערד לויפט ער ארום און רופט: „רוקט אויף די שפּאנישע רייטער!".

אין קוים עטליכע מינוטען האבען די יודישע מענער די שפּאנישע רייטער ארויסגערוקט אויף דער בריק און זיי אזוי אויסגעשטעלט, אז זיי האבען געבילדעט א פעסטע, נישט־דורכדרינגליכע מויער. הינטער די שפּאנישע רייטער האבען זיך געשטעלט די יודען מיט די לאנגע שפּיעזען, אריינלעגענדיג זייערע לאנגע שפּיעזען צווישען די שטאכעלן פון די רייטער. זיי זענען ניעדערגעקניעט, כדי פּלאץ צו מאכען פאר די הינטער זיי שטעהענדע יודען מיט די פייערוואפען...

אזוי אויסגעשטעלט ערווארטען זיי דעם פיינד. אויף דער בריק איז אלעס רוהיג און שטיל ווי פריהער.

(פארזעצונג קומט.)



סודות פון א רעוואלוציע: דער פאליציי־פרעזידענט לאפוחין און דער רעוואלוציאנער אזעוו.

# יובילעאום פון א יודישען געלעהרטען.

אין בערלין האט פארינע וואך דער בעריהמטער פיזיאלאָג, געהיימער רעגיערונגס־ראטה פראָפעסאר דר. הערמאן מונק, געפייערט זיין 70־סטען געבורטסטאג.

דער גרויסע יובילאַר ענטשטאַמט א בעקאנטער יודישער געלעהרטען־פאמיליע און איז דורך 47 יאהר געוועזען פראָפעסאר אין דער בערלינער אוניווערזיטעט. אלס דירעקטאר פון דעם פיזיאלאָגישען אינסטיטוט האט ער זיך ערווארבען גרויסע פערדיענסטע, שפעציעל אויף דעם געביעט פון דער הירן־פיזיאלאָגיע.

זייט 2 יאהר האט ער זיך פון דער לעהר־טהעטיג־קייט צוריקגעצויגען, אַרבייטעט אבער ווייטער וויסענשאַפטליך־ליטעראַריש און איז נאך געזונד און ריסטיג.

די גאנצע דייטשע און יודישע פרעסע ווידמעט דעם יובילאַר. וואס זיין פאטאגראַפיע ברענגען מיר אין אונזער היינטיגער נומער. וואַרמע גראַטולאציעס און ווינשט איהם א לאַנג לעבען.

# א רעטהזעלהאפטער טויט.

דער בעריהמטע פראַנצעזישע שריפטשטעלער קאַטולע מענדעס איז אין דער נאכט פון'ם 8 אויף דעם 9 פעבער אויף א רעטהזעלהאפטער וויזע געשטארבען.

ער איז געפאהרען פון פאריז קיין זט. גערמאין און אין דער פריה האט מען איהם געפונען אין טונעל אויף דער שטרעקע ליעגען טויט. דער קאפ איז איהם געוועזען אבגעשניטען אין דער קערפער אויף 4 טהייל צערשניטען.

קיין מענש ווייס, וואס ס'איז געשעהען. עס ווערד בעהויפטעט, אז ער איז אפשר אים וואַגאן אנשלאפען געווארען און אַרויסגעפאַלען בשעת דער רייזע. ארונטער־פאַלענדיג צווישען די שינעס האבען איהם די רעדער צערשניטען.

פון אנדערער זייט דערצעהלט מען זיך, אז ער איז געוועזען א אינטימער פריינד פון דער פרוי שטיינהייל, וועלכע זיצט פערהאפטעט וועגען ערמאָרדונג פון איהר מאַן און איהר מוטער. ער האט אויך געוואוסט, ווער ס'האט איהר ראביי מיטגעהאלפען און ווייל דער מיט־העלפער האט מורא געהאט, מענדעס זאל איהם נישט פערראטהען, איז ער איהם איבערפאַלען אויף דער באהן און האט איהם ערמאָרדעט.

לעת־עתה לאזט זיך נישט וויסען, וועלכע מעלדונג ס'איז ריכטיג. אפשר וועט מיט דער צייט אַרויסקומען דער אמת.

קאטולע מענדעס איז אלט געוועזען 64 יאהר. ער האט געהערט צו די גרעסטע פראַנצעזישע שריפטשטעלער און די גאנצע ליטעראַרישע וועלט בעטרויערט זיין שרעקליכען טויט.

מענדעס שטאמט אב פון א יודישער פאמיליע אוים שפאניען, ער איז א אייניקעל פון די אנוסים, וואס האבען זיך געמוזט שמד'ן אוים מורא פאר דער אינקוויזיציע. אין דער צייט פון דער דרייפוס־אפערע האט ער זיך שטאַרק אנגענומען פאר דעם אונשולדיג פעראורטהיילטען און אויך ביי אנדערע געלעגענהייטען איז ער איינגעטרעטען פאר די פערפאלגטע יודען.

פאר עטליכע יאהר האט מענדעס בעזוכט רוסלאַנד און גאַליציען, אין קראקא, ווארשא און אין אנדערע שטעדט האט ער געהאַלטען פארטרעגע.

די צווייטע פרוי פון דעם פערשטארבענעם דיכטער, עבענפאַלס פון יודישער אבשטאמונג, איז איינע פון די שענסטע פרויען אין פאריז. זי איז אויך ליטעראַריש טהעטיג.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער די פאָטאגראַפיעס פון קאטולע מענדעס און פון זיין יונגער אונגליקליכער אלמנה.

# סודות פון א רעוואלוציע.

די פרעסע פון דער גאנצער וועלט, שפעציעל אָבער די רוסישע, איז פול מיט בעריכטע איבער די ענטהילונגען וועגען דעם פיהרער פון דער רוסישער רעוואלוציע אזעוו, וועלכער איז גלייכצייטיג געוועזען א שפיאן פון דער שטאאטספאליציי, און וועגען דעם פרעזידענט פון דער שטאַאטספאליציי, לאפוהין, וועלכער איז גלייכצייטיג געוועזען פערטרויענסמאַן פון די רעוואלוציאנערען.

אזעוו, א געבוירענער יוד, האט אין דער רוסישער רעוואלוציע געשפיעלט די גרעסטע ראלע. ער האט אַראַנשירט אלע אויפשטענדע, שטרייקען און אטענטאטע. ער האט אויסגעקלערט אלע פלענער, אַרגאַניזירט אלע אקציעס, אבער צוגלייך אלעס ווידער פעראַייטעלט, פער־ראטהענדיג צוערשט דער פאליציי, וואס עס בעדארף פאַר־קומען.

דער פאָליציי־פרעזידענט לאפוהין, וואס ווין אויפ־גאבע איז געוועזען, די רעוואלוציאנערע צו מאכען אונשעדליך, איז נאר געוועזען זייער פערטרויענסמאן, וואס פלעגט זיי וואַרנען פאר יעדען איבערפאל און זיי העלפען זיך צו רעטען.

ווען די מעשה וואלט זיך נישט ט'עפען טאקי אין די לעצטע יאהרען, וואלט מען דאס נישט געגלויבט, מען וואלט עס געהאלט פאר אויסגעטראַכטע זאך... און דאך איז אלעס אמת. אפשר נאך מיט א שמיצעל דער־ריבער — און ערשט אצינד בעגרייפט מען פיעל עפיזאדען אין דער יונגסטען געשיכטע פון רוסלאנד, וואס זענען ביז איצט נישט געוועזען גענוג קלאר.

לאפוחין זיצט זייט צוויי וואכען פערהאפטעט. די רוסישע רעגיערונג איז ענטשלאסען, די גאנצע מעשה אויפצודעקען און קיינעם נישט צו שוינען, עס העלפט נישט קיין פראָטעקציע, קיין פערוועגדונג, דאס געזעץ וועט דורכגעפיהרט ווערען מיט זיין גאנ'ץ שטרענגקייט.

אזום אזעוו'ן האבען זיך דערווייל געבילדעט א גאנצער הויפען פון לעגענדען. מען דערצעהלט פון איהם נאך די וואונדערבארסטע געשיכטען, ספורי־מעשיות ווי להבדיל פון א רבי'ן, זיין איינפלוס אין דער רעוואלוציאנערען פארטיי איז געוועזען אזוי שטארק, אז עס איז איהם געלונגען, יעדען אונשעדליך צו מאכען, וואס האט איהם פערדעכטיגט, אז ער איז נישט קיין ערליכער רעוואלוציאנער. ווער ווייסט, וויעפיעל מענשען ער וואלט נאך געוועזען פעראונגליקט, ווען ס'זאל נישט געוועזען ענטדעקט ווערען זיין צווייזייטיג שפיעל.

די רעוואלוציאנערע פראקציע האט איינגעזעצט א געריכט, בעשטעהענד אוים די מיטגליעדער בורצעוו, פירסט קראפאטקין, וויערא פיגנער און הערמאן לאפאטין. דאס געריכט האט איהם פעראורטהיילט צום טויט. לעת־עתה בעהאלט ער זיך ערגיץ אוים מורא פאר זיינע ביזהעריגע פריינד, אבער מען קען רעכענען מיט זיכערהייט, אז די פארטיי וועט איהם אויספארשען און משפט'ן.

די איינצעלהייטען פון דער גאנצער אפערע וועלען אויספולען ביכער. א גאנצע ליטעראטור וועט געשאפען ווערען דאפון, עס לאזט זיך נאך היינט נישט וויסען, וועלכע ווייטע קרייזע די אנגעלעגענהייט וועט ארום זיך גרייפען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער די בילדער פון אזעוו און לאפוחין, ווי אויך פון דעם געריכט, וואס האט ענטדעקט אזעוו'ס טרייבערייען.

# איבערקעהרעניש אין דער טירקיי.

די רעוואלוציע אין דער טירקיי איז אים פערגאנגענען זומער אבגעלאָפען גאנץ רוהיג און שטיל. אין א שענעם זומערטאָג האט די אַרמעע פערלאנגט קאנסטיטוציע, דער סולטאן האט נאכגעגעבען, האט ערנענט די מיניסטער, וועלכע דאס יונגטירקישע קאמיטע האט פערלאנגט. מען האט אויסגעשריעבען וואהלען, דאס פארלאמענט איז צו־זאמענגעקומען, די רעגיערונג האט בעקומען א פערטרויענס־וואטום און ס'האט אויסגעזעהען, אז דאס גאנצע איבערקעהרעניש וועט אבלויפען רוהיג און אהן קאנפליקטע.

אין אמת'ן אבער קאכט זיך דאָרט גאנ'ץ גוט. די פריהערינע "מאכערס" ווילען נישט אזוי לייכט פערציכטען



הערמאן לאפאטין. וויערא פיגנער. בורצעוו. פירסט קראפאטקין.

סודות פון א רעוואלוציע: דאס געריכט וואס האט אזעוו'ן פעראורטהיילט.



פערשיט מיט שנעע: דער קאמפאזיטאר קארלאוויטש ווערד פון א שנעע לאווינע פערשיט.

אויף זייער הער־שאפט און בסוד אינטריגירען זיי גענען דעם נייעם רעזשים.

זיי ווארטען בלויז אויף א פאסענדען מאמענט און ווי ס'זעהט אויס, נעפעלט אויך דעם סולטאן נישט די גאנצע מעשה און אויך ער וואלט חשק געהאט, צוריק־צובעקומען די ממשלה ווידער א'ם גאנצען אין די הענד ווי פריהער.

וואס עס געהט פאר בחדרי־חדרים, וועלכע אינטריי־געס ס'ווערען געט־ייבען, איז דער עפענטליכקייט נישט בעקאנט... א פאקט אבער איז, אז די יונגטירקען, וועלכע האבען איינגעפיהרט די נייע אירדנונג, שטעהען טאג ווי נאכט אויף דער וואך אכטונג־געבענד, מען זאל נישט פלוצים איבערקעהרען דאס טעפיל סמעטענע.

דער גראסוועזיר קיאמיל פאשא, א מאן פון 82 יאהר, איז זיי קיינמאל נישט געפעלען. ווי האבען קיין פערט־ויען געהאט צו זיין „קאנסטיטוציאנעלער" געזינונג. אבער מען האט איהם געדולדעט, ווייל ער איז לכל־הדעות, דער טיכטיגסטע שטאאטסמאן פון דער טירקיי און אין די שווערע צייטען ברויכט מען איהם האבען.

אין דער לעצטער צייט אבער האט ער אבער אבגעטהון א מעשה, דורך וועלכע ער איז א־אב פונ'ם ווענקיל. פאריגע וואך האט ער פלוצים אבגעזאגט עטליכע מיניסטער פון זייער שטעלע און ערנענט נייע אויף זייער ארט. די נייע מיניסטער זענען די יונגטירקען נישט געפע־לען און זיי האבען פערלאנגט אויפקלערונג, פארוואס דאס איז געשעהען.

דער גרויסוועזיער האט געענטפערט מיט דעם אנט־ווארט, ער האט ערקלערט, אז דאס איז געשעהען צוליעב הויך־פאליטישע טעמים און ער קען ערשט אין א פאר טעג איהם געבען א קלארע תשובה.

אין פארלאמענט אבער האט מען זיך דערצעהלט, אז עס האט זיך געהאנדעלט וועגען א פער־שווערונג קעגען סולטאן. א געוויסע הויף־פארטיי וויל דעם סולטאן אב־זעצען און זיין ליעבלינגסזוהן, דעם פריין בורהאנעדדין עפענדי, דעם קינסטינען סולטאן, בעזייטיגען. כדי דער פרינץ יוסף־פאשא זאל איבערנעהמען די רעגירונג. די מיניסטער, וועלכע דער גרויסוועזיער האט אבגעזאגט פון זייער שטעלע, זאלען געוועזען פערוויקעלט זיין אין אט דעם קאמפלאט.

וויפיעל אין דיעזער מעלדונג איז אמת, לאזט זיך נישט וויסען. דאס פארלאמענט גלייבט נישט אין דער גאנצער זאך, די אפיציערע ידיעה ערקלערט, אז די הויף־[illegible] דעם נייעם קריעגס־מיניסטער נישט אנערקענען און די מאטראזען פון דעם קריעגס־פליטע, וואס קיינט זיך נעבען קאנסטאנטינאפעל [illegible], די שטאדט צו באמבארדירען, ווען דער גרויסוועזיער וועט נישט רע־מיסיאנירען.

דאס פא־לאמענט האט איהם אויך אויסגעדריקט דאס מיסטרויען און קיאמיל פאשא האט געמוזט רעזיג־יאנירען.

דער סולטאן האט ערנאנט דעם פריהערינען מיניס־טער דעם אינערן, הילמי פאשא, צום גרויס־וועזיער און ער וועט איצט צוזאמענשטעלען א ניי קאבינעט.

פארלייפיג האבען אלזא די יונג־טירקען וויעדער געזיעגט. דער סולטאן האט זיי נאכגעגעבען, אבער די גאנצע אפערע וויזט, אז ס'איז נישט אזוי רוהיג אין דער טירקיי ווי ס'האט זיך געדאכט און עס קענען דארט יעדען טאג פארקומען נייע איבערקעהרענישען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגען נומער דאס בילד פונ'ם סולטאן אבדול־האמיד און פון זיין ליעבלינג־זאהן פרינץ בורהאנעדדין־עפענדי.

# פערשיט מיט שנעע.

אויף א העכסט טראגישען אופן האט דער בע־קאנטע פאלנישע קאמפאזיטאר מיעטשיסלאוו קארלא־וויטש, פערפאסער פון פיעל וויכטיגע מוזיקאלישע ווערק, פאריגע וואך פערלוירען דאס לעבען.

ער האט זיך אויסגעקליבען אויף א שפאציערגאנג אין זאקאפאנא צום אזוינערופענעם „שווארצען טייך", וואס ווייט צווישען די הויכע טאט־א־בערג.

זיינע בעקאנטע האבען איהם געווארענט, ער זאל נישט געהן, ווייל דער שנעע פאלט אצינד אב פון די בערג הויפען־ווייז און עס קען זיך איהם נאך טרעפען א אומגליק.

קארלאוויטש האט אבער נישט געפאלגט און איז געגאנגען זיין וועג.

ווי עס זענען פאריבער דריי טעג און ער איז נישט צוריקגעקומען, האבען זיינע פריינד בעקומען פחד און מען האט ארויסגעשיקט א הילפסעקספעדיציע, איהם אויפצו־זוכען.

די עקספעדיציע האט געפינען דעם וועג פערשיט מיט שנעע און איז זיך מישער געווען, אז דא האט דעם קאמפאזיטאר געמוזט טרעפען אן־אומגליק.

עטליכע בויערן האבען געאר־ייט צוויי טעג דעם שנעע אוועקצוראמען און מען האט טאקי דארט געפונען דעם פערונגליקטען, שוין טויט, עטליכע מעטער טיעף אין שנעע.

דער פערונגליקטע קארלאוויטש איז שנעל איבער־געפיהרט געווארען צו דער נאהנסטער נוטס־פערוואלטונג, וואו ס'איז גערופען געווארען, איהם צו דערוועקען צום לעבען, אבער ס'איז געוועזען פערפאלען, ער איז שוין זייט עטליכע טעג געוועזען טויט.

מיר ברענגען אין אונזערע היינטיגער נומער א אריגינאל בילד, פארשטעלענדיג, ווי קארלאוויטש ווערט פלוצים איבעררא־שט פון דער אראבשטירצענדער שנעע־לאווינע און ווי בויערן טראגען איהם שפעטער אוועק פון דעם אומגליקס־ארט.

# פון נאהענט און פון וויט.

— דער פראנצעזישער פרעזידענט האט בעעהרט מיט'ן ריטערקרייץ פון עהרען לעגיאן דעם 25 יעהריגען באריזער כירורג באזי, פאר זיין העלדענטאט ביי איין אפעראציע. בשעת ער האט געמאכט א קראנקען א גע־פעהרליכע אפעראציע איז איהם אריין מאטעריע אין די אויגען. ער האט אבער נישט מפסיק געוועזען זיין ארבייט און האט די אפעראציע געענדיגט, און איז דאדורך בלינד געווארען אויף איין אויג.

— אין געוויסע ערטער אויף די פיליפינען־אינזלען צווישען די אבערגלויביגע פיליפינער הערשט נאך ביז היי־טיגען טאג דער שרעקליכער מנהג פון מענשליכע קרבנות. אזא מעשה איז ערשט געשעהן אין דער פראווינץ דאוואא. מיט'ן צוועק צו בעשווערען די שדים און די בעזע גייס־טער, האט דער המון געהאפט, מיט דער הסכמה פון די עלטערן, א קליינעם יונגעל, מיט'ן נאמען סאקום, און איהם צוגעבונדען צו א בוים, און איינער פון די אינזעל לייט, מיט'ן נאמען אנסינ, האט צונעשטעלט זיין שפיז צו דער רעכטער זייט פון דעם אומגליקליכען, דערנאך האט מען געגעבען א סיגנאל און עטליכע ווילדע האבען אריינגעשטעקט דעם שפיז א דורך און א דורך אין קער־פער פון דעם אומגליקליכען יונגעל, וועלכער האט א־ויס־געלאזט הארצרייסענדע געשרייען. דער קערפער איז גע־ווארען צושניטען אויף שטיקלעך, און יעדער פון דעם פערזאמעלטען המון האט געהאפט א שטיק און מיטגע־נומען מיט זיך אהיים, כדי צו פערטרייבען דעם טייוועל. די אמעריקאנער זוכען מיט אלע מיטלען מבטל צו זיין אזאלכע שרעקליכע מנהגים, נאר די דאזיגע מנהגים זענען אבער פערבונדען מיט א אבערגלויבען פון הונדערטער יאהרען, און דעריבער איז זיי זעהר שווער אויסצוווארצלען.

— דער נייער אמעריקאנער פרעזידענט טאפט האט די טעג געהאלטען א רעדע פאר די שילער פון סעמינאר אין גע־ניא, אין וועלכער ער האט ארויסגעזאגט אפען זיין מיינונג אלס געגנער פון חתונה האבען. ער האט גאנץ דייטליך געזאגט, אז ער האפט, דאס די אמעריקאנערינען וועלען שוין פון היינט אן נישט מעהר אנערקענען די נויטיגקייט פון חתונה האבען. אין דעם פונקט האט זיך טאפט ארויסגעוויזען אלס געגנער פון ראזעוועלט'ן, די צוקונפט וועט ווייזען, מיט וועמען פון זיי ביידע די יונג־אמעריקא איז איינשטימיג.

# בַּכֹּל־מִכֹּל־כֹּל.

(די סאיזאָן פון מאסקען־באל. — די „דאַנות“ פון אונזער לעבע־וועלט. — אינטריגעס און חכמות — אמת און שקר — רעדו־טען א גאַנץ יאָהר — „וצדקתך־פּנים“ — לויטער מאסקעס — דעמאַסקירען).

די סאיזאָן פון די מאַסקען־בעלער איז געקומען. אונזערע „דאַמען“, די נרויסע, די רייכע, די שענע, די קאָקעטע, און אפילו די קלענערע, די אָרימערע, די וויינינערשענע, האָבען בלויז איין דאַגה — וואָס פאַר אַ קאָסטיום, וואָס פאַר אַ מאַסקען זיי זאָלען זיך אנטהון, כדי מען זאָל טאַקי נישט דערקענען, זיי זאָלען זיך קענען אַרומדרעהען צווישען די יונגע און עלטערע לייט אינ־טריגירען, אויסרעכענען יענעם אין פּנים אַ־יין אַלע זיינע חטאים, אלע זיינע מעלות און חסרונות, איהם מאַכען נייניערינ, ביז צום צעשפּרינגען — און דוקא זיך נישט געבען צו דערקענען...

אוי, איז דאס א פערגנינען, קיין שונא זאָל דאַצו נישט האָבען די זכיה!

און די מענער האָבען אויך אַ פולען קאָפּ מיט דאַנות. אויך זיי לאָזען די רעדוטען נישט שלאָפען... ווער ווייסט, וואס דאָרט וועט געשעהען?... ווער קען וויסען, וואס מען וועט דאָרט אַריינכאַפּען, וועלכע האָטע ווער־טער מען וועט איינשלינגען און מוזען שווייגען צוועצטער־הייד, נישט וויסענדיג פון וועם זיי קומען...

דאַנות, זאָרגען פון אלע זייטען!

און מערקווירדיג! אויף רעדוטען טהוט מען זיך אָן מאַסקעס, כדי צו מענען זאָגען דעם א מ ת... אַ גאַנץ יאהר טהוט מען זיך אָן מאַסקעס, כדי צו מענען זאָגען שקר...

ענטוועדער־אָדער! ברויכט מען מאַסקעס צום אמת, וואס־זשע ברויכט מען זיי צום שקר; זענען זיי וויעדער נויטהיג צום שקר, פאַר־וואס־זשע זאָל מען נישט מענען זאָגען דעם אמת אָהן אַ מאַסקע?

טאַקי א מערקווירדיגע וועלט, נישט צום בעגרייפען!

* * *

יאָ! מאַסקען־בעלער און רעדוטען זענען נישט בלויז אַ סאיזאָן־אַרטיקעל פונ'ם קאַרנעוואל! דאס איז א מנהג 4 מאל אין יאָהר: זומער און ווינטער, ביי טאג און ביי נאַכט! דער חילוק איז בלויז, וואס צו רעדוטען אים קאַרנעוואַל זוכט מען זיך אויס מאַסקעס לויט דער נייעס־טער מאָרע, אָרינענעלע, אויסערארדענטליכע, מען פער־שטעלט זיך קינסטלעריש, מיט אַ ביסעל געשמאַק, עסטהעטיש און פּלאַן־מעסיג... אַ גאַנץ יאהר דאַגעגען, דאס הייסט 4 מאל אין יאָהר: זומער און ווינטער, ביי טאַג און ביי נאַכט, מאַכט מען נישט קיין פּעל חכמות, קלערט נישט קיין סך, מען חאַפּט אויף זיך וועלכע ס'איז מאַסקע, אבי פערשטעלט דאָס פּנים און מען טהוט אב כל העבירות שבעולם, מאַכענדיג אַ „וצדקתך־פּנים“!

און זעהט איהר, דאס „וצדקתך־פּנים“ איז טאַקי די בעסטע מאַסקע! גלייכצייטיג אבער אויך די עקעל־האַפטעסטע, די ניעדערטרעכטיגסטע!

ר' משה איז א הייסער חסיד, אַ שענער יוד, אַ פערברענטער דאַוונער, אַ שטיק בעל־צדקה — שמועסט מיט איהם, טריעפט ער פון יודישקייט, פון יראת־שמים, דאָס וואָרט „נאָט“ נעהמט איהם נישט אַרויס פונ'ם מויל — „ושבע תועבות בלבו“. ער איז אָבער אַ געמיינער גנאַאיסט, א וואוכערער, אַ בלוט־זויגער, וואס רייסט אַרויס ביי די אָרימע לייט דעם לעצטען ביסען פונ'ם מויל, נעמט אַוועק דאס לעצטע קישען פון שטוב... דאס פרומקייט, דאָס יודישקייט איז ביי איהם בלויז אַ מ אַ ס ק ע!

דר. X. איז א שטאַרקער כ ל ל ־ ט ה ו ע ר. זיין גאַנצע פרייע צייט ווידמעט ער לטובת־הכלל, אין אלע חברות איז ער א מאַכער, ביי וואָהלטהעטיגקייטס־אינס־טיטוטע איז ער א פּיטגליעד... ער טריעפט פון מענשען־ליעבע און וואָהלטהעטיגקייט — מיינען מיינט ער אבער נישט די הגדה נאָר די קניידלעך; ער וויל האָבען א גוטע קאַנצליי, מיט א סך קליענטען, זיין איבעראל א נבאי, א פאָרשטעהער, א פּרעזידענט — די וואָהלטהעטיגקייט איז ביי איהם בלויז א מ א ס ק ע!

דר. J. איז די פערזאָנאַפיצירטע עהרליכקייט. ער קען נישט ליידען די קארופציע, ער וויל דאס פאָליטישע לעבען ריינינען פון יעדען שווינדעל, פון יעדען בעטרוג. די „דעמאקראַציע“ האָט ער געפאַכטעט, אויף „פרייהייט“ און „עהרליכקייט“ האָט ער בעקומען אַ פּאַטענט... קיינער טאָר איהם דאס טאַקי נישט נאָכמאַכען... אויב יאָ, איז עס דאָך אַ „קאָנקורענט“ און מען מוז איהם פערפאָלגען מיט אלע מיטלען! — ווייל דער עיקר איז דאָך טאַקי דאס „מאַנדאַט“ און די פּאָליטישע עהרליכקייט איז בלויז א מ א ס ק ע!

די פּאַרטיי N. N. N. איז די איינציגע אמת'דיגע, עהרליכע פאָלקס־פּאַרטיי... אלע אנדערע פּאַרטייען זענען שווינדלער, פאָלקס־בעטריגער, אויסנוצער, קאָרופּציאָניס־טען... ד י ע ז ע פּ א ר ט י י אליין איז עהרליך, איהר פּראָ־ראַם איז הייליג, אידעעל, הויך, ערהאַבען... זי וויל נאָ־טובת־הכלל, אַרבייטען פאַר'ן פאָלק, עס בעגליקען, זיך מוסר־נפש זיין פון זיינעט־וועגען. — דעריבער קומען איהר דאָך טאַקי אלע מאַנדאַטע, כדי זי זאָל קענען איה־רע אַנהעגנער פערזאָרגען מיט גוטע פּ י נ ע ק ו ר ע ן און זיי בעלויהנען פאַר זייער אַרבייט — ווייל די פאָלקס־פריינשאַפט איז דאָך בלויז א מ אַ ס ק ע!

מאַסקען, מאַסקען איבעראלל! רעדוטען, רעדוטען אַ גאַנץ יאהר, זומער און ווינטער, ביי טאָג און ביי נאכט!

אָבער די רעדוטען איהם קאַרנעוואל זענען בלויז א שפּיעל, א לוסטיג לעבעדיג שפּיעל... ס'דויערט בלויז א פּאָר שעה, דערנאך „דעמאַסקירט“ מען זיך, מען גיבט זיך צו דערקענען. די „רעדוטען“ אָבער פון א גאנ'ן יאָה־רען טראַגיש, קאָמיש, לעכערליך, עקעלהאַפט... קיין איינציגע מאַסקע וויל זיך דעמאַסקירען, מען מוז עס טהון מיט געוואַלט און נישט תמיד געלינגט עס!

דאָס איז אפשר טאַקי דער חילוק צווישען דעם א מ ת און דעם ש ק ר! אויף די רעדוטען אין דער קאַרנעוואַל־צייט פערשטעלט מען זיך, כדי צו זאָגען דעם א מ ת! צום אמת־זאָגען נעהערט געשמאַק, עלעגאַנץ, חן, עס־טהעטיק — אָבער נאָך קוים עטליכע שעה דעמאַסקירט מען זיך! ווער ס'זאָגט דעם אמת, ברויכט זיך נישט צו שעמען!

די רעדוטען פון א גאַנץ יאָהר דיענען דעם ש ק ר! דאצו ברויכט מען נישט צו זיין וועהלעריש. די לינע, דער בעטרוג, די פאַלשקייט נעהמען אויף אן פאַר ליעב דאס נרעבסטע, דאס געמיינסטע, דאס ניעדערטרעכטיגסטע, אבי א מאַסקע אויף'ן פּנים און געגוג... פרייוויליג דעמאַס־קירט מען זיך נישט! פרייוויליג ווייל דער שקר נישט פערציכטען אויף זיין ראָליע. ער וואַרט אזוי לאַנג, ביז מען דעמאַסקירט איהם מיט געוואַלט, ביז מען ענטדעקט דעם שווינדעל — דאס אָבער טרעפט זיך ליידער זעהר זעלטען!

„דעמאַסקירען!“ אַבריייסען די מאַסקעס — דאס דאַרף זיין די פּאָראָלע פון אלע עהרליכע, אמת'ע פאָלקס־פריינד! ווי ווייניג זיי זאָלען נישט זיין, וועט זיי דאָך די שווערע אויפנאַבע געלונגען!

יעדע רעדוטע האָט א סוף! מען לאַכט, מען שטיפּט, מען איטריגירט, מען העצט, מען רייצט, אָבער אַ סוף מוז עס האָבען! קומט די שעה, טהוט מען אויס די מאַס־קעס און מען גיבט זיך צו דערקענען אין דער ריכטיגען געשטאַלט!

אָט אזוי וואלט בעדאַרפט זיין אים גאַנצען לעבען, אים עפענטליכען ווי אום פּריוואַטען! דעמאַסקירט אייך, איהר פאַלשע בעלי־צדקה, פאַלשע בעלי־טובות, פאַלשע פּאָליטיקער, פאַלשע רעדנער, פאַלשע פּובליציסטען, פאַלשע אַנטאַטאָרען! דעמאַסקירט אויך פאַלשע פּרעזי־דענטען, פאַלשע פאָרשטעהער, פאַלשע פּאַרטיי־פיהרער, פאַלשע רעפּרעזענטאַנטען, פאַלשע דעפּוטירטע, פאַלשע קאָנסערוואַטיווע, פאַלשע ליבעראַלע, פאַלשע אַנטיסעמי־טען, פאַלשע אַסימילאַטאָרען, פאַלשע נאַציאָנאַליסטען! דעמאַסקירט אייך פאַלשע פאָלקספריינד, פאַלשע אידע־אַליסטען, פאַלשע פרייהייטס־קעמפער, פאַלשע דעמאָ־קראַטען, פאַלשע קאָרופּצאַנס־טעדטער, פאַלשע פּאַטענט־פאָלקסבעגליקער!

דעמאַסקירט אייך אלע! טהוט אויס די מאַסקעס, ווייזט אַרויס אייער נאַטירליך פּנים! זאָל די רעדוטע, דער מאַסקען־באַל האָבען אַ סוף!

א יאָ, איהר ווילט נישט! איהר האָט מורא צו ווייזען אייער ווירקליכע פּראַטצע! איהר האָט מורא צו ווייזען אייער נאַטירליך פּנים!

בנאמנות, איהר זענד אויך מיט דער מאַסקע געגונ מיאוס!

מיר קענען דיך, שענע מאַסקע!

* * *

מאַסקען, מאַסקען איבעראל! אין דער גאַנצער וועלט, ביי אלע פעלקער! אויך מיר יודען זענען קיין אויסנאַהמע, ביי אונז פערדיענט די מאַסקע נאָר א בעזונ־דער קאַפּיטעל!

נאָר ס'נעהט דאָך צו אונזער מאַסקען־באַל, צו פּורים. דעמילט וועלען מיר א ביסעל שמועסען פון אינו אליין, דערווייל האָט מיר א

נוטען שבת.

# פאַר די שופטים.

(מאָנאָלאָג).

איך, איך האָב דערשטיקט מיין חיה'לען, מיט מיינע איינענע הענד. איך אליין... אַרויפגעוואָרפען אויף איהר קעפעלע אַט די רויטע קישען און פעסט צוגעדריקט מיט מיינע איינענע הענד... איך האָב געפיהלט ווי אונטער מיינע הענד האָט זיך געצאַפּעלט איהר קליין הערצעלע, איהרע הענטעליך און פיסעלעך האָבען זיך געוואָרפען אין אלע זייטען. נאָר איך בין ניט אָפּגעטרעטען, איך האָב נאָך שטאַרקער צוגעדריקט אַט די רויטע קישען, איך האָב מיט די לעצטע כוחות געשטיקט, געשטיקט...

וואס, איהר גלויבט ניט? חאַ, חאַ, חאַ!..

אזא חיה'לען, אזא מלאך'ל געמען און מיט די איינענע הענד דערשטיקען...

יאָ, איך אליין, איך, איך, איך!..

קוקט ניט אויף מיר אזוי, גלאָצט ניט אויף מיר אייערע אוינען, איך בין ניט קיין חיה, איך האָב געוואוסט...

איהר קענט מיך משפּט'ן, איהר קענט מיך פער־שיקען וואוהין איהר ווילט, איך האָב פאר קיין זאָך קיין מורא ניט.

איך וואלט אייך נאר נים דערצעהלען, אייך קליי־נינקע אויסנעדאַרטע מוחותלעך, אייך פערשמאַלצענע קאַרקען, נור מיר ווילט זיך ריידען, מיר ווילט זיך מיט ווערטער גרינגער מאַכען דאס פייער, ווי א גיהנום ברענט ביי מיר דאַרטען אינוועניג... איך קען שוין ניט אויס־האַלטען...

הערט!

נאר ניט אייך דערצעהל איך דאָס, ניט איהר דאַרפט זיין מיינע שופטים, וואָרעם איהר אליין מיט אייערע איינענע הענד האט זי דערהר'נעט, מיין חיה'לען, איהר אלע דא אין די שעהנע מונדירען מיט די רויטע קראַגענם, איהר, איהר, איהר... איך וועל געהן אין שרייען מיט די לעצטע כחות, מיין קול וועט הילכען אין דער גאַנצער וועלט, איך וועל שרייען: איהר האט געהאַרג'עט מיין חיה'לען!

וואָס קוקט אויף מיר אזוי? איהר האט זיך דער־שראָקען? חאַ, חא הא!

שווייגט!

איך וויל איהר, דער ריינער נשמה'לע, וועלכע פליהט איצטער דאָרטען אין הימעל, אליין דערצעהלען. זי וועט מיך פערשטעהן...

און ביי גאָט וועט זי אויסבעטען מחילה פאַר מיר, — ער וועט מיר מוחל זיין... יאָ!...

איך הויב אן דערצעהלען, נאר וואנט ניט איבער־

האקען מיין רייד'ן. וואגט ניט זיך צו ריהר'ען צו איהר'ריינער נשמה'לע, שווייגען זאָלט איהר...

— — — — — — — — —

... מיין משה, מיין מאַן, איז דעמאלט ניט געווען אין דערהיים, זיינע ביטערע פּ'נסות האבען איהם דעם ־אַנצען ווינטער געטריבען פון שטעדטיל און שטעדטיל... אליין האב איך זיך געמאַטערט מיט מיינע פיער קליי־ניקע עופה'לעך, חיה'לע, זאל זי האבען א ליכטיגען גן־עדן, א יאהר אלט, לייבעלע דריי יאהר, חיים'ל פינף יאהר און רבקה'לע צעהן יאהר אלט. געמאַטערט האבען מיר זיך מיט די לעצטע כחות, שטענדיג מ'ט געשוואלענע אויגען געוואַרט אויפ'ן בריעף־טרעגער וואָס וועט אונז ברייינגען די ישועה. נאר צו נאט האָב איך ניט קיין טענות. ער האט אונז געבענשט מיט קינדער בריליאנטען, א ליכ־טיגען מזל זאלען זיי האבען... רבקה'לע, א קינד מיט א פערשטאנד פון א גרויסען מענשען, אהן איהר וואלט איך נאר ניט געקאנט אויסקומען, העלפט און לאזט מיך צו קיין זאך ניט צושטעקען זיך... קרובים און בעקאנטע האבען מיר אין שטאדט ניט געהאט, אליין ווי אין א ברייטען מדבר, אליין מיט די צרות, שטענדיג אין זיך אליין שטיקען די טרערען. אט די קישען, זי האט אל'ן געוואוסט, איהר האב איך אל'ן דערצעהלט, נאר זי האט מיט איין ווארעמען וואָרט ניט געענטפערט... נאס איז זי געווען אבער פון מיינע טרערען...

ערשט א חודש ווי מיר זענען אהער געקומען, אונזער גליק, אונזער לעבען האָבען מיר דא געוואלט זוכען, גע־פונען האב איך אבער די אלטע טרערען, די אלטע שאַ־טענס, זיי יאגען מיך...

אז עס האט זיך אנגעהויבען דער טומל האב איך פון קיין זאך ניט געוואוסט. שטענדיג אין דער היים געזעסען, שטענדיג געלאפען ווי א פערי'סם'טע פון קעסעלע צו קעסעלע איך פלעג קיינמאל נאר אין גאַס ניט ארויס־געהען, רבקהלע זאל לעבען פלעגט שוין אַל'ץ איינקויפען... אין גאַס האט געטומעלט, זי האט גערעדט. קופּקעס האבען זיך געקליבען, נאר איך האב ניט געוואוסט, איך האב געזעהען און ניט געזעהען. מיינע צרות האב איך געהאט. מיין איינענעם קבר און זיך שטענדיג געטראַגען... און דא האט זיך עס אנגעהויבען...

... מ'ט אמאל איז געוואָרען א שרעקליכער טומיל אין די גאַסען, א ווילדער ראַזענדער געשריי. מענשען זענען געלאָפען ווי פערי'סם'טע... שוואר'ץ איז געוואָרען די גאַס, שוואר'ן ווי מיט פליעגען בעדעקט... זיי לויפען און עס קנאלען די שרעקליכע טרעשק פון די ביקסען... מע שיסט...

איך פערשטעה נאר ניט וואס עס ט'ט זיך ארום מיר, איך שטעה ביים פענסטער, איך קוק און קען ניט פערשטעהען, אבער איך קען ניט אוועקגעהן, איך קען ניט לאזען די עופה'לעך... זיי שרייען און קלאגען, זיי האבען מורא אליין צו פלייבען...

איך שטעה, שריי ארויס אין גאַס, אבער קיינער ענטפערט מיר ניט, ווי פערי'סם'טע לויפען זיי...

נאר דא זעה איך ווי, דארטען אין גאַס שטעהט א גרויסע קאמפאניע, עס שטעהען אלטע און יונגע, אלע מיט שטעקענס און ביקסען, און ארום זיי דרעהען זיך טויזענדער סאלדאטען... עס ברעכען זיך די שטעקענס אן די פענסטער — און א ווייסער שנעע פון פעדערן האט מיט אמאל זיי אלעמען בעדעקט... ווייס איז די גאַס געוואָרען, אבער אין מיינע אויגען האָב איך דעם טוידט דערפיהלט... איך האב אנגעהויבען פערשטעהן... איך האב שוין ניט געקוקט אויפ'ן געשריי פון מיינע עופה'לעך און בין ארויסגעלאָפען אין גאַס... און דאָרטען האב איך אין גאנצען פערשטאנען...

אליין מיט פיער קליינע עופה'לעך, ווי א שטיין אהן קיין בעקאנטען... וואָלט חאטש משה געווען... צו־זאמען געלעבט, צוזאמען געשטאָרבען... איינע אליין...

איך בין גלייך צוריק אריינגעלאָפען אין שטוב... עסעס א כת האב איך אין מיר פערפיהלט. איך מוז ראטעווען מיינע קינדער...

א שטעלבעל איז דא לעבען שטוב... פעסער אלטע שטעהען דארט... א בוידעם מיט טעפלעך. מיט אלטע שמאכטעס... מיט די לעצטע כוחות האָב איך ארויפגע־קלעטערט אויפן בוידעם... קלעטערן מיט חיה'לען, קלע־טער'ן מיט לייבעלען, מיט חיים'לען... רבקה'לע איז אליין אַרויפגעקלעטערט...

און דא האב איך גיכער צוגויפגעווארפען די אלטע אלטע טעפלעך מיט די שמאטעס אין איין הורבע, זאל ווערען א וואַנד... מע זאל אונס ניט קענען בעמערקען... און אונטער דער וואַנד ליגען מיר און טרייסלען זיך... ווי דאס הארץ האט זיי געזאָגט אז מע טאר ניט וויינען, און זיי האבען געשוויגען...

און דארטען אויף'ן גאס הער איך ווילדע קולות, רייסענדע געשרייען, טרעשק פון שטיינער, צובראכענע שויבען, טרעשק פון ביקסען, פון שטעקענס... און די קולות ווערען אל'ץ נאהענטער און נאָהענטער... דאס הארץ ווערט מיר צופאלען אויף שטיקער, איך האב מורא אונטערנעהן צו א שפאַלט פון דאך און ארויסקוקען אין גאס, איך וויל ניט זעהען מיט מיינע איינענע אויגען די צרות...

עס איז שוין פינסטער געווארען און די קולות האבען זיך נאָך אַל'ן ניט אויפגעהערט... א גאנצע נאכט האט מען געשריען, א גאנצע נאכט האט מען געשאסען... און א גאנצע נאכט האבען מיר זיך געטרייסעלט. ליעגענ־דיג צוזאמען אין א קליינע קופּקעלע... איין חיה'לע, זאל זי האבען א ליכטיגען גן־עדן, האט עטליכע מאל פון שלאף אנגערויבען וויינען, נאר איך האב איהר זוינען געגעבען און זי איז ווידער איינגעשלאפען...

מיט'ן טאג זענען די קולות נאך שטאַרקער געוואַ־רען, זיי זענען שוין געווען ניט ווייט פון אונז... איך מאך נ־עסער די הורבע, קלו'ב צונויף יעדער שפענדעל, וואס עס איז נור געווען אויף'ן בוידעם... און איך ווארט... איך קלער שוין וועגען קיין זאך ניט... איך זיין און וואַרט... איך וואָרט... איך ווארט...

איהר האט זען ערוואַרטעט דעם טוידט? וואס שווייגט איהר? און ווארטען אָהן א קרעכץ, אָהן א זיפץ, וואַרטען מיט פיער קלייניגקע עופה'לעך, מיט פיער רייניגקע אונשולדיגע נשמה'לעך?...

איך האב איהם, דעם טוידט, ערוואַרטעט... איך האב געצעהלט די סעקונדען און אל'ן געקוקט אויף מיינע ריינע נשמה'לעך... איך קוק און איך שטארב אם, אהן א האק, אהן אייזענס...

פאַר וואס? פאַר וואס?

און דא... מיט א מאל... האָט זי זיך אויפגעחאפט... חיה'לע... וויינען האט זי אנגעהויבען... עסען האָט זי געוואָלט... עסען... לעבען... וויינען האט זי אָנגעהויבען, וויינען... איך בין צו איהר שנעל אונטערגעלאפען, אריינגעשטעקט אין מיילעלע די ברוסט, נאָר...

איך האב א גאנצען טאג און א גאנצע נאכט ניט געגעסען, איך האב קיין צייט ניט געהאט מיטנעמען א טראפען וואסער...

טרוקען איז געווען מיין ברוסט ווי א שפענדעל, ווי א ברעטעל...

זי ציהט מיט די לעצטע קרעפטען, צוקט מיט די ליפעלעך און... זי האט נאך שטאַרקער אנגעהויבען וויי־נען... לעבען האט זי געוואָלט... עסען...

איך גלעט זי, איך קיש זי. — זי וויינט הויך אויף'ן קול, שטאַרקער און העכער... ווי א פערי'סם'טע בין איך אומגעלאָפען פון ווינקעל צום ווינקעל...

באלד דערהער'ט מען אין גאַס די קולות, באלד קומען זיי אלע אהער, מיט די שטעקענס, מיט די אייזענס...

דאָרטען ליעגען דאך נאך דריי ריינינקע נשמה'לעך, ליעגען און טרייסלען זיך, קוקען מיט טרערען און די אויגען און שווייגען...

איך לויף און ווך... און דא האָב איך פלוצלינג דערזעהן די יונגע קושען... איך האָב זי פריהער נאָר ניט בעמערקט... איך בין צוגעלאָפען, געהאַפּט זי מיט ביידע הענד...

איך האב מיט איהר צוגעדעקט חיה'לעס מיילעלע... איהר וויינען זאָל זיך ניט הער'ען... לייכט האָב איך גע־האלטען די קושען, זי זאל זיך ניט שטיקען... זי האט זיך געווארפען, געמאַכט מיט די פיסלעך, הענטעלעך...

נאַר איך האב אל'ן געהאלטען. לאנג, זעהר לאנג.

ד. ב.

עס איז שטיל געווארען... שטיל... עס האָבען זיך נור־נעהערט די קולות די פייפערייי אויף'ן גאַס... איך האב אראפגענומען די קישען און מיינע טרערען זענען ווי פערגליווערט געוואָרען, זיי האָבען מורא געהאט זיך פער־ווייזען... פאַר מיר איז געלעגען איהר טוידטער קערפּעריל... א קאַלטער... אבער ניט מיין לעבען האב איך געוואלט ראטעווען, נאר זיי די אונשולדיגע נשמה'לעך...

און אפשר?

איך האב דעמאלט געוואוסט וואס איך טהו? איך האב געקלערט? איך האָב געפיהלט? איך האב א הארץ געהאט? איך בין א מענש געווען? ווער בין איך דעמאלט געווען? ווער?...

וואס שווייגט איהר? גיכער בינדט מיך, פערשיקט מיך, גיכער, גיכער... וואס קוקט איהר אויף מיר אזוי? זייט איהר עפּעס בלאס געוואָרען, אויסגעצויגענע לאַנגע פנים'ער, טיעפע מיט א חמא־ע בעצויגענע אויגען...

אפשר ווילט איהר אייך משפט'ן?.. פערשיקען?...

חא, הא, הא!.. איהר האט זיך ווייטער דער־שראקען?...

גאר... לאזט מיך... איך קען דאָ מיט אייך ניט שטעהען, איך קען אייערע פנים'ער ניט אנזעהען.. איך קען ניט, איך קען ניט...

נ. ליובעצקי.

---

## הומאר און סאטירע

### אוים שידוך.

שרה: איך האב געהערט, אז ביי דיר איז שוין אוים שידוך, וואס עפּים איז געשעהען?

מרים: איך ווייס? דער טאטע זאגט, אז דער חתן פערדינט ווייניג. דער מאמע'ן געפעלט נישט זיין אויסזעהען און די באַבע זאגט, אז ער איז נישט קלוג...

שרה: און דו אליין האסט נאָר נישט קיין דעה?

מרים: וואס זאל איך זאָגען? מיר האט ער דאָך נאר נישט געזאגט, אז ער וויל מיך?

---

### נישט צו איהר.

טאכטער: יא, פאַטער, לעאָן זאגט אז ער איז אין מיר שטארק פערליעבט.

פאטער: גלויב איהם נישט. אלע יונגע לייט רעדען אזוי.

טאָכטער: אבער נישט צו מיר...

---

### ער ווייסט טאקי.

רבי: וואס איז געשעהען אום פורים?

תלמיד: דער טאטע האָט זיך אנגעשכור'ט און די מאמע האט געבאַקען המן־טאשען.

---

### א נוטע עצה.

מוהמע (א עלטערע מויד): רבקה'לע, לאָז אב פון שלמה'ן. דו ביזט נאך צו יונג, צו פערפ־יינגען מיט יונגע לייט.

רבקה'לע: אבער מוהמע, וואס זאל איך טהון מיט איהם, ווען ער פאלט אויף די קניע און שווערט, אז קען אהן מיר נישט לעבען?

מוהמע: שיק איהם צו מיר.

---

### פארזיכטיג.

גאסט (אין דער רעסטאראציע): קעלנער, זענען די אייער פ־יש?

קעלנער: איהר האט בעשטעלט צוויי אייער, האב איך געבראַכט. מעהר ווייס איך נישט.

## רעטהזעל.

(די נעמען פון די אויפלעזער ווערען פערעפענטליכט).

## ווארט־רעטהזעל.

אַ׳יס די ווערטער:

בילין, נידריג, ארומאַן, זעלטען, נ־אב, וועסט, אַ׳ים, קעלט, הוננערן, שמוציג, רשע, טויד

וענען די געגענזעצע צו בילדען. די אנפאנגם בוכשטאבען פון די נייגעבילדעטע ווערטער ערגעבען דען נאמען פון א בעריהמטען יורישען מאַן.

סאנוק, אב"ן שה"ם

## אויפלעזונגען.

די אויפלעזונג פון שאך־רעטהזעל אין נ' 2 איז:

ווייסע קעניגין ציעהט פון 7 h ביז 5 h. שווארצער קעניג ציעהט פון 5 b ביז 6 b. ווייסער לויפער ציעהט פון 1 e ביז 5 a און מאט.

ריכטיגע לעזונגען האבען געשיקט: בענרעט פעט, דעמביצא בענרד קנאבלאך, ניי־סאנדעק. אפרים גרינשפאן, טשענסטאכאוו. פיליפ גרין, פרעסבורג. בנימין ווייסבערג, לעמבערג

## בריעפקאסטען.

אַבאנענט אַ׳ב. ש. וויעלקי־אטשי: 1) אייער אויפלעזונג איז צו שפעט נעקומען. 2) פון שפיצקאפף זענען בלויז ערשיענען 15 העפטע. פרייז פאַר נישט־אַבאנענטען 3 קראנען. 3) שימין׳ם וועלט־ביבליאטהעק קענען מיר נישט לעפערן. 4) אויב איהר ווילט איבערנעהמען דעם פערשלייס פאַר אייער שטאדט, וועט איהר בעקומען א ראבאט גלייך מיט אַלע פער־שלייסער.

אַבאָנענט ל. ל. מיקולינצע. אויסער שפיצקאפף קענט איהר ביי אונז קיין אַנדערע ראמאנע און ערצעהלונגען נישט בעקומען.

אַבאנענט איזאַק י. רודניק: אויב איהר וועט שוין אַצינד איינשיקען דאס נעלד פאר׳ן צווייטען קווארטעל, וועט איהר נערעכענט ווערען פאַר אַ האלב־יעהריגען אַבאָנענט און האבען דאָס רעכט אויף דער פרעמיע.

צו מעהרערע אַבאָנענטען: די פאָרט־רעצונגען פון דוד שפירא וועלען ערשט נעדרוקט ווערען, מיר וועלען זיי יעדען צושיקען, וואָס האט זיי פערלאַננט. מיר בעטען אַ ביסעל נעדולד. מען קען דאך נישט יעדע איינצינע פאָרטזעצונג בעזונדער דרוקען.

די נומערן 1, 2, 3 זענען פערגריפען און מיר קענען זיי קיינעם נישט נאָכשיקען.

## גראַטולאַציאָנען.

מיר גראַטוליערען ה׳ יהושע וואַשיץ אין האמבורג צו זיין פער־מעהלונג מיט פרייליין אַננאַ בובער.

פאַמיליע פישער. קראקא.

הנני מברך את מר יהושע וואַשיין ליום כלילתו עם מרת חנה בובער בס״ט ומז״ט.

י. קרפל.

דור וינדעל און פרוי גראַטוליערען הערצליך דען הערן מנשה זילבערבערג אין טיטשין, צו זיינע פערלאבונג.

שמשון גלאַנין און פרוי גראַטוליערען דען הערן אפרים מאַרינגער אין קראקא, צור האָכצייט פון זיינע טאכטער.

# פרעמיעם

פאַר די אבאנענטען פון דער

# „יודישען אילוסטרירטען צייטונג".

א) ווער עס אַבאַנירט די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג" דירעקט ביי דער אדמיניסטראַציע אין קראקא וועניגסטענס אויף א האלב יאהר, אַריינשיקענדיג דאס נעלד אים פאָרויס, בעקומט די נאַכשטעהענדע 15 העפטע פון דעם בעריהמטען, האָכשפאַנענדען דעטעקטיוו־ראָמאַן .מאקס שפיצקאפף" ״יודישער שערלאָק האָלמעס״, וועלכע קאסטען צוזאַמען 3 קראנען, בלויז

### פאַר 1 קראנע.

(חוץ 30 העללער פארטא)

יעדעס העפט ענטהאלט אַ גאנצען אפגעשלאָסענע האכשפאנענדע ערצעהלונג, קיין פאָרטזעצונג, מיט אַ שענער אילוסטראַציע.

די העפטע ענטהאַלטען פאָלגענדע ערצעהלונגען:

1) נערויבט צו דער שמד...
2) באַנקנאָטען פעלשער.
3) עלילת דם...
4) אַ רעטהזעלהאַפטער מארד.
5) דער שמוגגלער...
6) דאס נעפעלשטע טעסטאמענט.
7) דער שפיאָן.
8) דער מערכען הענדלער.
9) דער באַנק־איינברעכער.
10) די קינדער־מערדערין.
11) דער טויטען־גרעבער.
12) דאָס נעהיימניס פון אַ מיליאָנער.
13) די דערטרונקענע כלה.
14) דער מיסיאָנער.
15) די נאַכטוואַנדלערין.

ב) אנשטאַט דיעזע העפטע קען מען אויך בעקומען די פאָלגענדע וויכטיגע ספרים פון דעם גרויסען יודישען נעלעהרטען דר. ש. רובין:

### א) תהלת הכסילים, ב) ספור יצירת העולם, ג) שני לוחות הפילוסופיה,

וועלכע קאָסטען 4 קראנען, בלויז

### פאַר 1.50 קראנע.

(חוץ 30 העללער פארטא)

ג) ווער עס אַבאָנירט די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג" אויף א גאַנץ יאהר און בעצאהלט אים פאָרויס, בעקומט ענטוועדער די 15 העפטע מאקס שפיצקאָפף אָדער די ספרי דר. רובין

### גאַנץ אומזיסט.

די אבאָנענטען ברויכען נאָר צו שרייבען, וועלכע פרעמיע זיי ווינשען: האלב יעהריגע אבאָנענטען ברויכען גלייכצייטיג צוצושיקען דאָס געלד פאַר דער פרעמיע.



Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppe — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie.